## פערזאנען:

ראפאיל פרידלענדער, א רייכער פאדריאטשיק — 50 יאָהר.

חוה, זיין פרוי, 45 יאָהר.

עטי, זיין עלטערע טאָכטער, 20 יאָהר אלט.

ציליע, זיין צווייטע טאָכטער, 18 יאָהר אלט.

סאמואיל, זיין זון, 22 יאָהר אלט.

אפרים פידלער, א כלי זמר, 50 יאָהר אלט.

ביילע, זיין פרוי, 50 יאָהר אלט.

גרעגואר, זייער זוהן, 25 יאָהר אלט.

נאטאשא, אן אלטע רוסישע פרוי ביי פרידלענדער אין הויז — 55 יאָהר אלט.

אלבערט, עטים זוהן, 7—8 יאָהר אלט.

דיענסטען, געסט, מוזיקער.

ערשטער אקט אין קרעמענטשוג, רוססלאנד.

דריי אקטען אין אמעריקא.

צווישען ערשטען און צווייטען אקט 7 יאָהר.

# ערשטער אקט.

(א רייכער זאל ביי פרידלענדערן, א פיאנא, בלומען. נאטאשא, גע־
קליידעט רוסיש, רוימט, רעדט מיט זיך אליין. ציליע ביי דער
פיאנא, שפיעלט פלייסיג א שווערען עטיוד.)

נ א ט א ש א: באַרישניא, הא באַרישניא! (ציליע הערט אויף
שפיעלען) וויא לאַנג נאך וועט איהר אייך ברעכען דיא פינגער
און מאַראַטשען דעם קאָפּ?

צ י ל י ע: ביזט א נאַר, אז מען וויל זיין א גוטע פיאניסטין דאַרף
מען פיעל לערנען.

נ א ט א ש א: באַרישניא, פערגעסט ניט, איהר צימבעלט שוין
נייען יאָהר.

צ י ל י ע: נו, נייען?! דאָס, ניאניע, איז א גרויסער ליגען.

נ א ט א ש א: א הונד, באַרישניא, ליגט, א מענש רעדט... אייך
איז געוואָרען נייען יאָהר ווען דער גראָבער דייטש האָט אייך
אָנגעהויבען לערנען... איהר געדענקט? מיט דער רויטע נאָז... מען
פלעגט איהם רופען פּאַמפּע...

צ י ל י ע: חא! חא! זיא געדענקט... קאַרל לודוויג פּאַמפּא...

נ א ט א ש א: און איצט זייט איהר, דאַנקען גאָט, שוין אַכצעהן
געוואָרען.

צ י ל י ע: ניט וואָהר... דער זיבעצעהנטער געהט מיר ערשט.

נ א ט א ש א: אַכצעהן געוואָרען נאָך פּאָקראָווע... אי! איך
געדענק גוט. ווען איהר זייט געבוירען געוואָרען איז נאָך עטי
געווען אָט אזא ציפּליאַניקעל... האָט נעבאַך אַלץ געוויינט צו דער
מאַמע. וועה איז מיר, נאָך גאָר א פּיצעלע פויגעלע געווען... געוועהנ־
ליך, א קינד וויל צו דער מאַמען, און דיא מאַמע האָט שוין איין
אַנדערס... גאַנצע נעכט פלעג איך איהר זינגען און וויעגען... אי!
וויא איין ענגעל פלעגט זיא לעבען מיר שלאָפען אין איהר בעטעלע...

אַ שטילענקע, אַ גוטינקע... איך האָב אייך אַלע אויסגעהאָדעוועט, באַרישניאַ, און געדענק גוט, אכצעהן איז אייך געוואָרען. אכצעהן!

צ י ל י ע: (בייז) זיאַ געדענקט! קענסט דען איבערציילען אַכצעהן? ציילסט דאָך אין גאַנצען ביז עלף. (שפּיעלט.)

נ אַ ט אַ ש אַ: מענשען וואַקסען וויא בוימער, אין איין וואַלד... איין בוים וואַקסט שעהן און גלייך, דער אַנדערער קרום... דריי קינדער אין איין הויז און נאָר עטיניו איז צו גאָט און צו לייטען... אָרעמעס קינד, וועלכע שמערץ זיא האָט איצט נעבאָך.

צ י ל י ע: נאַטאַשאַ, דער פּאָפּאַ איז אין דער היים?

נ אַ ט אַ ש אַ: יאַ, ציליע, זיצט אין „קאָמינעט“.

צ י ל י ע: און וואו איז עטי?

נ א ט א ש א: עטי איז ביי זיך אין צימער, ליעגט אויפ'ן קושעטקע און וויינט. אמאָל פלעגט זיא זינגען וויא אַ קאַנעריקעלע, איצט שווייגט זיא וויא דיאָ שטומע נאכט... אמאָל פלעגט זיא זיך אויספּוצען וויא א קוקלע, איצט ליעגט איהר גאָר נישט אין זינען (ווישט א טרעהר) קינד מיינס, טייערס...

צ י ל י ע: איך זאָל זיין אויף איהר פּלאַץ, וואָלט איך ניט געוויינט... איז שוין געשעהן — פּערפאַלען. זעה וואָס גיכער פערגלעטען, ארויסדרייען זיך און שטיף ווייטער.

נ א ט א ש א: ניין! עטי איז ניט פון אזא סאָרט... זיא האָט מיין חאַראַקטער... איך האָב אויך נאָר איין מאָל געליעבט אין מיין לעבען... וויא געליעבט! חאָטש שטאַרבען, חאָטש אין סיביר, חאָטש אין פייער אריין!... וויא דיא ליעבע האָט זיך געענדיגט, האָט זיך פאר מיר אין לעבען אללעס געענדיגט... איך האָב שוין גאָר ניט געדאַרפט — איך האָב נאָר געזאָרגט פיר אנדערע... געלעבט ביי פרעמדע און פיר פרעמדע.

צ י ל י ע: אָה, דוא ועסט זיך נאָך אמאָל פערליעבען.. חא! חא!

נ אַ ט א ש א: ניט ווילענדיג, מוזען נעהמען גאָטט וויים וועמען, ארעמע עטי! זאָג מיר, ציליע, וואָס איז ער, א מוזיקאַנט, וואָס?

צ י ל י ע: אן ארטיסט... שפּיעלט פידעל, האָט געענדיגט קיע־

---

ווער מוזיקאלנע שקאלע... א שעהנער יונג... זאלסט זעהען אויגען.. יעדעם אויג וויא א קולאק...

נ א ט א ש א : שיינע מענער זיינען שוואך, נארריש און צובאַלעוועט... ווער רעדט נאך, אז ער איז א מוזיקאנט... אז ער שפיעלט האלטען איהם אלע פאר אן אבגאט... און נאך דעם ווען ער שפיעלט שוין ניט, מיינט ער נאך אליץ, אז מען דארף זיך צו איהם בוקען... אי! ער שפיעלט א שטונדע, און לעבען דארף מען מיט איהם א גאנצען טאג... ארעמע עטי, זיא קען זיך ניט העלפען, זיא מוז נעבאך. (א גלעקיל)

צ י ל י ע : אי, דאס געהט ער, דאס געהען זיי שוין (שפיעלט) איך וואלט געטאנצט און זיא, דער נארר, וויינט..

(נאטאשא לויפט עפענען, ראפאילס שטרענגע שטימע פון זיין צימער).

ר א פ א י ל : ווער איז דארט? עי! (קומט) ווער האט געקלונגען? איז מען געגאנגען עפענען?

צ י ל י ע : (שטייט אויף, מיט רעספעקט) יא, פאפאשא, דיא ניאניע איז געלאפען עפענען...

ר א פ א י ל : דיא ניאניע איז געלאפען! ביזט דאך אביסעל יונגער, האסט ניט געקענט לויפען?

ח ו ה (הינטער דער טיער) : ווער האט געקלונגען? (ערשיינט, אלס וואזשנע דאמע) זיי? זיי גייען שוין? (קיינער ענטפערט ניט) ראפאיל, זיא וויל זיך ניט אנטהון... ליעגט און וויינט... (נאטאשא קומט.)

נ א ט א ש א : גאר נישט, באַרין, קיינער ניט... עס איז נאר אונזער סאמואיל, מעהר גאר נישט. (סאמואיל קומט, דערזעהט דעם פאטער און בלייבט אין א פערלעגענהייט).

ר א פ א י ל : אפילו נאטאשא האלט דיך פאר א גארנישט... (מיט פעראכטונג) עס איז נאר אונזער סאמואיל.. נו, האסט געמאכט א שפאציער? אונזער סאמואיל!

ח ו ה : אט אזוי פערטיוקעט ער איהם פון קינדוויז אן... א מענש!

ר א פ א י ל : מאכסט עפעס געשעפטען, הא?

ס א מ ו א י ל : אי, מאמא, הער בעסער, איך זאל וועלען, וואלט איך איצט מיט אמאל געקענט חאפען א גרויסע סומע געלד... איך זיץ אזוי אין ליבערטס קאנדיטערסקי, לויפט אריין א אונבעקאנטער מאן און פרעגט מיך גאנץ שטיל: איהר זייט ראפאיל פרידלענדערס זון? נעמט, זאגט ער, אט דעם בומאזשניק און בעהאלט ביז איך וועל קומען... דא איז 17 טויזענד אכט הונדערט פיער און זיבעציג רובעל... וויא איך בין א איד. אט אזא בומאזשניק אנגעשטאפט... איך אבער...

ר א פ א י ל: דו אבער.. נו, יא, דו אבער ביזט א באלוואן! (אב).

ח ו ה: ציליע, זעהסט, דיא קיראסע איז ווידער ענג אויף מיר (קוקט אין שפיעגעל).

ס א מ ו א י ל: מאמאשע, אלע אפיצירן פון פאלק זיינען מיט מיר יעצט דיא בעסטע גוטע ברידער... אליין דער פאלקאווניק באראן אסטען סאקען פרעגט מיך שטענדיג: נו, וויא געהט עס ביי אייך? וויא איך בין א איד, טויזענד מאל געפרעגט.

צ י ל י ע: דורך עטין זיינען מיר געווארען מחותנים מיט'ן גאנצען פאלק אפיצירען.

נ א ט א ש א: אז סאמואיל זאגט איז וויא דער ווינד בלאזט, און עטין טשעפעט נים, זיא האט נעבאך גענוג אהן אייך.

ח ו ה : (גאנץ גלייכגילטיג) אך, איך האב פון עטין אזעלכע יסורים, איך געה אוים.

צ י ל י ע: יא, מען זעהט עס.

ס א מ ו א י ל: אלע האבען רעספעקט צו מיר, נאר דער פאפא איז ניט פויל אלע טאג פרעגען מיך 77 טויזענד מאל: וואס איז מיין געשעפט? וויא איך בין א איד, דאס פערדריסט, מען איז דאך א מענש...

ח ו ה: וואס הארט דיך, נארר? דו וועסט נאך צייט האבען מיט'ן געשעפט.. דערווייל קאפעט ביי דיר ניט איבער'ן קאפ... נישקשה ביזט איינער ביי אונז און דער טאטע האט גענוג... (ר א פ א י ל קומט) אבער דער פאפא איז דאך דיר קיין שונא ניט... ער וויל דו זאלסט זיין א מענש.

**ר א פ א י ל:** געהט אַלע ארוים פון דאנען און שיקט מיר אריין עטין אהער! (אללע אָב, אויסער חוה'ן) מאדאם, איהר מעגט זיך אויך מטריח זיין... זייט זשע מוחל...

**ח ו ה:** אי, ראפאיל... איצט... בין דאך א מאמע... דו וועסט בייז ווערען... פארגעס ניט, זיא איז דאך א דערוואקסענע מאמ־זעל... ווער קען נאך אזוי מיטפיהלען וויא א מאמע?

**ר א פ א י ל:** נו, יא וועסט מיטפיהלען דארטען... און וויא צו האלטען זיך מיט איהר און וואס צו זאגען, וועל איך זיך ביי דיר ניט לערנען, זיי אזוי גוט! (צייגט אויפ'ן טיהר) זיי זשע מוחל!

**ח ו ה:** א ברירה האב איך גוט צו זיין. (געהט, א פארט) ביי א געבילדעטען קריסט, איז אפילו אן אייגענע פרוי א דאמע און ביי אידען איז מען נאר א זיי זשע מוחל (אָב).

**ר א פ א י ל:** (שרייט איהר נאָך) וועסט מיר אריינשיקען עטין באלד! (געהט אום, זיפצט) מיט מיין עטין זאל זא וואס קע־נען פאסירען? דאס האב איך זיך ניט געקענט פארשטעלען... ניין! דאס האב איך זיך ניט געקענט פארשטעלען... געוויס, עס ווענדעט זיך אן דער מוטער, אן אנדער מוטער וואלט... ע! בעסער שווייגען. (זיפצט. עטי קומט, טרויעריג, ניט אָנגעטאָהן וויא עס געהער צו זיין, האלט א בוך אין האנד).

**ע ט י:** (שטיל און גאנץ רוהיג) האסט מיך גערופען, פאפא?

**ר א פ א י ל:** יא! (פויזע) זיי וועלען באלד אהער קומען, מען מוז היינט ענדיגען.

**ע ט י:** דו ווייסט דאך, פאפא, איך וועל טהאן, וואס דו וועסט מיר הייסען.

**ר א פ א י ל:** איך וועל דיר הייסען חתונה האבען וואס גיכער און באלד נאך דער חתונה פאהרסט דו מיט איהם קיין אמע־ריקא!

**ע ט י:** באלד? פאפא, איך קען איהם אזוי ווייניג, מיט א פרעמ־דען מענשען... אזוי ווייט.

**ר א פ א י ל:** דאס קען שוין אנדערש ניט זיין, דוא מוזט!

**ע ט י:** וויא דוא וועסט הייסען, פאפא... (בויגט זיך אָן און ווישט

א טרער, דער פאטער זאָל ניט זעהען, נאטאשע לויפט ארײן.)

נאטאשא: (זוכט) וואו האָב איך אהינגעטאָהן? (כאפּט ראפאיל'ס האנד, קושט עטי זאָל ניט בעמערקען און זאָגט גאנץ שטילל) באריז, גוטער מענש, זײט ניט שלעכט צו'ן איהר יעצט. גאָט פערגיבט אונז אללע זינד, מיר דארפען איהר פערגעבען.. זיא איז דאָך א קינד און פערגעסט ניט איהר לאגע... (טרערען שטיקען זיא). וואו האָב איך אהינגעטאָן? (ווארפט אויף עטין א בליק פול מיט ליעבע, אָב.)

ראפאיל: יא! נאָר באלד אין אמעריקא... אזוי דארף מען. דיא וועלט ווייסט נאָר, אז דוא האסט צוליעב אן אָפיציער גע־וואָלט זיך שמד'ן, האָבען מיר שוין אזוי פיעל צרות און בזיונות, היינט וואָס וועט זיין, ווען דער גאנצער אמת וועט ארויס! שוין איצט זאָגט מיר מלך האָמכע, ער וועט מיר ניט בעצאָהלען טויזנד רובעל, וויל מיין טאָכטער האָט זיך געוואָלט שמד'ן... פערשטייסט א טענה? וואָס וועלען זיי אלע זאָגען שפּעטער? איך בין פערבונ־דען מיט גרויסע פּאָדריאדען... מיין נאָמען... מיין קרעדיט און... ע.... פאר דיר אליין איז אויך בעסער... דאָ וועט מען דיר עוויג ניט פערגעסען, אין אמעריקא אָבער ווייסט מען ניט וואָס איז געוועז דאָ. מען וועט דיך דאָרט ניט פרעגען, ווען האסט דו חתונה געהאט און קיינער וועט ניט צעהלען, וויפיעל מאָנאַט נאָך דער חתונה. (לויפט צו איהר, א טאָפּ מיט'ן פוס, אויסער זיך) אָך, דוא סקאָטינע! א שטילענקע, הא!... א מפלה האָב איך זיך אויף דיר געקענט ריכ־טען! דוא! (הויבט אויף דיא האנד.)

עטי: טאטעניו, איך וויים, דיר איז זעהר שווער... אויב דוא ווילסט, דער'הרג'ע מיך. מיר איז אלעס איינס...

ראפאיל: (רוהיג) ער ווייסט, אז ניט פון תענוג געהט פריד־לענדער א שידוך טהון מיט דעם כליזמר'ס משפּחה... ער האָט מסתמא געהערט און פערשטעהט אלעס... ער וועט ניט קענען זאָ־גען: מען האָט איהם גענאַרט... דוא דארפסט מיט איהם ניט רעדען, עס וועט זיין גענוג וויפיעל איך וועל איהם געבען אָנצוהע־רען... נדן פערשפּרעך איך איהם נאָר 2½ טויזענד, ניט פינף טוי־

זענד, ווייא איך האב פריער גערעכענט צו געבען. וואס קוקסט מיך אן ?

ע ט י : פאפא, זיי ניט בייז, איך מיין, ער וועט אפשר זיין בע־סער צו מיר, אז דו וועסט ניט אבשפארען...

ר א פ א י ל : (בייז) אבשפארען ! איך ווייס, וויפיעל נדן דו פערדיענסט. 5 טויזענד ! איך זאג דיר !...

ע ט י : וויא דו פערשטייסט, פאפא, (זיא דריקט דעם בוך צו'ן איהר הארצען.)

ר א פ א י ל : (פריינדליך) נו, וואס שטעהסט דוא ? זעטץ דיך (זיא זעצט זיך) וואס איז דאס פאר א בוך ביי דיר ?

ע ט י : דאס איז דער עלפטער באנד פון טאלסטאי'ס ווערק... דא אין בוך, איז דא... איך וועל דיר זאגען דיא ווארהייט, פאפא... (ערשראקען.)

ר א פ א י ל : (פריינדליך) זעה נאר, וועגען א בוך מעגסט דאך רעדען רוהיגער... וואס איז דא?

ע ט י : דא ? דא איז זיין...דא איז „קרייצער'ס סאנאטע"... איך האב ערשט עטליכע קאפיטלאך געלעזען... אי, דאס מאכט אזוי מיאוס דאס לעבען, נאך מיאוס'ער וויא איך האב פריהער געפיהלט.

ר א פ א י ל : א בוך קען דאס לעבען ניט מיאוס מאכען. דער מענש מאכט מיאוס דאס לעבען. אט האסט דוא גענומען און האסט זיך דאס גאנצע לעבען מיאוס געמאכט... אהער גיב דעם בוך ! (זיא גיט איהם דאס בוך) עי, ציליע, אהער גיי ! (ציליע קומט, קוקט נייגיעריג), נעהם צו דעם בוך און בעהאלט ! ! זיא דארף ניט לעזען אזעלכע ביכער ! וואס איז דאס „קרייצער סאנא־טע", א ראמאן ? איך האב געמיינט א סאנאטע שפיעלט מען.

צ י ל י ע : פאפא, דער גרויסער קאמפאזיטאר בעטהאווען האט אנגעשריעבען א סאנאטע פיר פידעל און פיאנא און האט זיא געווידמעט דעם מוזיקער קרייצער.

ר א פ א י ל : אזוי ? פארוואס זשע רופט זיך דיא געשיכטע קרייצער סאנאטע ?

צ י ל י ע : גראף טאלסטאי דערציילט, וויא א פערהייראטע פרוי

פערליעבט זיך אין אַ מוזיקער ווען זיי שפּיעלען ביידע דיא סאָנאַטע און איהר מאַן שטערבט זיא.

ע ט י : (שטיל) אין דעם בוך ליעגט זיין לעצטער בריעף און זיין בילד... איך וועל דאס ציליען ניט זאָגען...

ר א פ א י ל : ער האָט זי גאָר געשטאָכען ? איך וואָלט איהם בעסער געשטאָכען.

צ י ל י ע : איך וואָלט זיי ביידען צושניטען אויף שטיקער. איך וואָלט געוועזן זעהר אייפערזיכטיג.

ר א פ א י ל : (שמייכעלט) אַזוי : שרעקליך... נו, און דוא, עטי ?

ע ט י : איך ? איך ווייס ניט, פּאַפּאַ, (זיא זיפצט.)

צ י ל י ע : איך ווייס, זיא וואָלט גאָר ניט געטהון. וויא קומט זיא צו זיין אייפערזיכטיג ? זיא איז דאָך א מענש אָהן אַ גאַלל. (א גלעקיל) אי, זיי געהן שוין ! (לויפט צום פענסטער.)

ר א פ א י ל : (צו עטי'ן) געה, טהו זיך אָן באַלד !

ע ט י : (געהט לאנגזאם ביז'ן טהיר) פּאַפּאַ, דוא וועסט שוין זיין בייז אויף מיר אייביג, ביז איך וועל שטאַרבען ? (פערברעכט דיא הענד.)

ר א פ א י ל : געה, טהו זיך אָן ! (עטי זיפצט, לאנגזאם אב) ציליע, איך וועל שיקען נאָך דיר, אַז איך וועל דיך דאַרפען (ציליע אַב, פערגעסט דעם בוך) ווען זיא, דיא... דיא דאָזיגע זאָל עס טהון, וואָלט איך פערשטאַנען, אבער עטי ? נו, געה זיי א חכם... (נאַטאשא עפענט דיא טהיר).

נ א ט א ש א : יא, יא, דער הערר פריעדלענדער איז דאָ... פּאַ־זשאַלויטע ! (אפרים און ביילע קומען יום'טוב'דיג געקליידעט ער טראָגט א פליסענעם קארטוז.)

ר א פ א י ל : אוהו ! קומט אריין ! קומט אריין ! נאַטאַשאַ, רוף אריין דיא מאַדאַם און זאָג, מען זאָל דערלאַנגען בראַנפען און פערבייסען.

נ א ט א ש א : באַלד (א פּארט) צו זיי דאַרף עס אָנקומען אונ־זער עטי ? אַ שעהנע פּאַאר געננ (אַב.)

ר א פ א י ל : זיצט... איהר זייט דאס דער פאָטער ? איך קען

אייך אזוי פון ווייטען (פעררוויכערט א פאפיראָס אין א לאנגען פאפיראָסניק.)

א פ ר י ם: ווער קען דאָס ניט אין קרעמענטשוג אָדער אין קריוו־קאָוו אפרים'ען דעם כליזמר? איך האָב שטענדיג געהאַלטען א קאַפעליע...

ב י י ל ע: אי, דיא קאַפעליע האַט דיך געהאַלטען.

א פ ר י ם: אויף דיא רייכסטע חתונות אין קרעמענטשוג, אין קריוקאָוו, ווערכנעדנעפּראָווסק, אין קאָבילִיאַק זאָגאר אין פּאָל־טאָווע — אפרים מיט זיין קאַפעליע, זאָגאר אין רוסישען טעאטער צווישען דיא „קאָנטראַקטען" — מיין קאַפעליע (ווישט דיא נאָז מיט'ן האנד).

ב י י ל ע: זיי דאַרפען עס נויטיג וויסען (שטיל) האָסט דאָך א פאָטשיילקע (לויט) אונזער זון וועט באַלד קומען, ער וועט צו־פאָהרען אויף א דראָשקע, ער ווייסט שוין וויא מען דאַרף.

א פ ר י ם: ער האָט זיך מסתמא פשוט געשעהמט מיט אונז צו־זאַמען קומען, האָט ער אויסגעטראַכט, ער דאַרף ערגיץ צו פאָה־רען. איצט שעהמט מען זיך מיט אונז... ביי אונז אין דיא אַלטע צייטען איז געווען פּראָסט, און ביי זיי איז היינט מיט סטיקאָטא, פּיטשיקאַטא, פּלאָזשעלעטא. אה, דיא מאַדאַם (טהוט אויס זיין היטעל. חוה קוממט).

ח ו ה: אָה, געסט... עס פרייט מיך זעהר... ראפאיל, דוא וועסט היינט דאַרפען דיא קאַרעטע? איך האָב געוואָלט היינט ארויספאָהרען. (ער שווייגט.)

א פ ר י ם: (נייגט זיך) אפרים קאַפּעלמייסטער. פּאַ פּאַמיליע פידלער. מיין טאַטענס, מיין זיידענס, מיין עלטער זיידענס פאַמיליע — פידלער. א פנים ווייל מיר זיינען מוזיקאַנטען ז'פּופּקא...

ר א פ א י ל: (רויכערט) וויא אזוי? ז'פּופּקא? דאָס איז גוט.

(נאַטאַשא קוממט, נאָך איהר א יונגע דיענסט טראָגט אויף א פּאַדנאָס פערשיעדענע גראַפינען, פערבייסען, גלעזלאָך.)

נ א ט א ש א: וואוהין קריכסט דוא? דאָ שטעל אנידער... אזוי...

נו, וואס שטייסט דוא? (דיענסט אָב) מאַדאַם, סאַמואיל פרעגט, אויב ער מעג אריינגעהען?

ח ו ה: ווארום דען ניט? ער איז ניט קיין פרעמדער... זאג איהם, איך הייס, ער זאָל אריינגעהען.

ר אַ פ א י ל: ווער? סאמואיל? וואס דארף ער דא? ! ניין! (גיסט אָן גלעזלאך) נו, אַ כליזמר האָט מסתמא ליעב אַ קנאַק.

א פ ר י ם: ליעב? איך האב ניט פיינט.

ב י י ל ע: אַ שיינע פּאַהאַדע היינט, וויא ל"ג בעומר...

ח ו ה: דער יונגער הערר פידלער, וויא איך זעה, איז נאָך ניטאַ... וואָס וועט דאַ טהון סאַמואיל מיט אַלטע לייט? נאַטאַשאַ, מע דאַרף סאַמואיל'ן ניט רופען...

א פ ר י ם: נו, לחיים, זאָל גאָטט העלפען (טרינקט) ביי מיר איז געוועזן אַן אמת'ע ריכטיגע קאַפּעליע צווייטע פידלען צוויי, ערשטע אליין געשפּיעלט... אַ טראַמבאַן, אַ פלייטע, אַ קלארנעט, אַ קאַנטראַבאַס, אַ קעסיל פּויק...

ב י י ל ע: מע האָט דאָך דיך געבעטען זאָלסט דאַ ניט פּייקלען אויפ'ן קעסעל פּויק (לויט) אָך, וואס פאר איין אנגעמאַכץ ביי אייך...

ח ו ה: יאָ, אייך געפעלט? ביי מיר שטייט 19 באַנקעם פון דעם זעלבען סאָרט... און מאַלינע, סמאַראַדינע.

א פ ר ים: מיינע האָט אַלץ מורא אין אַזאַ הויז, איך זאָל זיך ניט אויסרעדען עפּים אַ כליזמרשע זאַך... ניש קשה, מיר וועלען דאָך זיין אי"ה אייגענע מענשען... און וואָס איז דאָס דיא רויטע? אויך אַזאַ מין משקה? (ראפאיל גיסט איהם אָן, ער טרינקט,) אָה! עס גיט אַ חאַפּ ביים פּופּיק...

ח ו ה: נאַטאַשאַ, וואָס דאַרפסט דוא דאַ? (נאַטאַשאַ האָט דיא גאַנצע צייט געקוקט אויף ראפאיל'ן און דיא געסט... זיא וויל פאַרטגעהן.)

ר אַ פ א י ל: ניין, ניאַניע, דיר איז דאָך עטי אזוי טהייער וויא יעדען פון אונז... האר אוים... דוא נעם אויך אביסעלע (גיסט אָן.)

נאטאשא: (פארשעהמט) וואס רעדט איהר? גאטט איז מיט אייך! (וויל ניט נעהמען, ראפאיל צווינגט זיא.)

חוה: טרינק, ניאניע, דוא האסט דאך ליעב אביסעלע... דאס איז אונזער ניאניע... שוין 25 יאהר ביי אונז אין שטוב... אללע קינדער ביי איהר אויף דיא הענד אויסגעוואקסען, און עטי'ן האט זיא ליעב... כמעט אזוי וויא איך... נעם א שטיקעל לעקאך, נאטאשא.

ביילע: עס מאכט זיך א גויה און האט אויך.. ע.. אזוי וויא א מענש, להבדיל.

נאטאשא: (בייגט זיך טיעף צו ראפאיל'ן) אייער געזונדהייט און אויף אונזער עטים גליק! (טרינקט מיט אמאל, ווישט מיט'ן ארבעל דיא ליפען, נעמט א שטיקעל לעקאך, אב.)

אפרים: איהר ווענט גלויבען? ביי מיר אין קאפעליע האט געשפיעלט אויף'ן קלארנעט א גוי, פלערעפענקא, פון אסטאור־נאיע סאלדאטסקי מוזיקאנטען... א שכור... דיא נאז ביי איהם שטענדיג געמאזעלט... האט גערעדט אידיש בעסער פון'ם קעלמער מגיד.. פלעגט וויסען דעם חילוק פון א כשרה ביז א טרפה כלה...

ביילע: (שטיל) אוי! פער'שרף'עט זאלסט דוא ווערען!

אפרים: הא? און ער פלעגט אמאל אזא ברום טהון אויפ'ן קלארנעט, אז ביי אנדערע פלעגען אזש דיא ציין הייליג ווערען (א גלעקיל) דאס איז אונזערער... לחיים (טרינקט שנעל, ראפאיל און חוה גייען אין קארידאר.)

ביילע: אי, א פגירה זאל אויף דיר קומען, וואס טהוסט דוא דאס?

אפרים: (גנב'עט לעקאך) פאר דיא קינדער, נארר. (ראפאיל, חוה און גרעגואר קומען. גרעגואר אויסגעפוצט.)

גרעגואר: ענטשולדיגט, אביסעל פערשפעטיגט.

ראפאיל: (נעהמט זיין זייגער) איין האלבע שטונדע, ניט געפעהרליך.

גרעגואר: אך, וואס פאר א גרויסארטיגער זייגער. פס! (בעטראכט דעם זייגער.)

ר א פ א י ל : (רוהיג) א חראנאמעטער... טויזענד פראנק אויף דער פאריזער אויסשטעלונג.. ביטע.

ג ר ע ג ו א ר : אה, אונזערע שוין דא!... איהר זעהט, מוסיו פרידלענדער, איך שטאם ניט פון זעהר גרויסע אריסטאקראַטען... זא וואהר איך לעב, ניט מיין שולד...

ר א פ א י ל : וואס פאר א'ן אריסטאקראטיע ביי יודען ? ביי וועמען דיא נאז מעהר הארבאטע, ביי וועמען וויינינגער הארבאטע — יודען און נאר... זיצט... איהר רויכערט ?

ג ר ע ג ו א ר : דאנקע, רויכער ניט און טרינק ניט.

ב י י ל ע : ער רויכערט ניט און טרינקט ניט? גנב !

א פ ר י ם : מיין כלל : קענסט דוא געבען א גוטען זופ, ביזט דוא א גוטער בעל מלאכה. (ציליע קומט אויפגערעגט.)

צ י ל י ע: ענטשולדיג, פאפא, איך האב דא פערגעסען....

ג ר ע ג ו א ר : (נייגט זיך) פרייליין ציליע, האבע דיא עהרע. (צום פאטער) איך האב געהערט זיא איז ביי אייך איינע טיכטיגע פיאניסטין.

ר א פ א י ל : וואס דארפסט דוא דא ?

צ י ל י ע : אך, פאפא, איך האב פערגעסען דא דיא „קרייצער סאנאטע.“

ג ר ע ג ו א ר : אה, איהר שפיעלט „קרייצער'ס סאנאטע“?

צ י ל י ע : ניין, דאס איז טאלסטאי'ס ערצעהלונג.... דיא סאנאטע מוז זיין זעהר שווער צו שפיעלען..

ג ר ע ג ו א ר : לערענט אוים דיא ערשטע טהייל, וועלען מיר וועז עס איז שפיעלען צוזאמען

ר א פ א י ל : נעהם דעם בוך און געה !

צ י ל י ע : ענטשולדיגט (א פארט) א שעהנער יונג ווי גאלד (אב).

א פ ר י ם : נו, יא! חע! חע! איך זאל האבען מיין פידעל, וואלט איך אנגעשלאגען דעם טאנ. (גרעגואר און ביילע קוקען זיך איבער)

ע! מע מעג נעהמען נאך א קאפעטשקע? דיא רויטע דא איז אן אנטיק... איך לאז זיא אראפ מיט אן אקטאווע אראפ און זיא שלאגט מיט א גאנצע אקטאווע ארויף (טרינקט).

ב י י ל ע : אפרים, קום נאר אהער. (שטיל) פערלעגען זאל דיר דיין כליזמרשע הלאטקע מיט א באליאטשקע, רבש"ע!

ר א פ א י ל : (פערקנייטשט דעם שטערן) אלזא גאנץ איינפאך מכח'ן שידוך... איך פערשטעה, אז איהר ווייסט אליין — איך וואלט מיט אייך ניט געטהאן קיין שידוך, איך זאל ניט מוזען... נו, איהר האט דאך געהערט, מיין טאכטער האט זיך געוואלט שמד'ען...

ח ו ה : אי, ראפאיל, זיי ווייסען דען ניט, ווער מיר זיינען? וואס דארפסט זיך אלליין שפייען אין פנים?

א פ ר י ם : מאלע וואס זיא האט געוואלט... יעדער בשר ודם וויל...

ר א פ א י ל : (בייז) חוה, זיי אזוי גוט, רוף אריין אין עסס־צימער דעם... וויא איז אייער נאמען?

א פ ר י ם : (שטעהט אויף) מיין נאמען — אפרים פידלער... האט קיין פערדאיבעל ניט... טאמער...

ר א פ א י ל : ר' אפרים'ן און דיא מאדאם. איך וועל זיך דא מיט'ן יונגען מאן אליין דורכשמועסען... זייט אזוי גוט...

ח ו ה : טאקי קומט בעסער אהין... איך האב ווישניעווקע זיסע און ניט זיסע.

א פ ר י ם : (שטיל צום זוהן). הערשיל, איך האב זיך דען ניט געהאלטען וויא א מענש? (ביילע פיהרט איהם ארוים. אלע דריי אב)

ר א פ א י ל : איך האב געהערט, איהר ווילט פאהרען קיין אמע־ריקא?

ג ר ע ג ו א ר : יא! מיינער א בעקאנטער, וועלכער האט ניט מיין טאן, ניט מיין טעכניק, ניט מיין מוזיקאלישע בילדונג, שפיעלט דארט ערשטע פידעל אין מעטראפאליטאן אפערא... אזא ארטיסט וויא איך קען דארטען מאכען א קאריערע... איך וויל פאהרען, אויב דאס איז ניט געגען אייער פלאן...

ר א פ א י ל : אה, ניין! פערקעהרט, אויב עס וועט זיין שידוך, נעהם איך באלד נאך דער חתונה אויף מיין חשבון צוויי בילע־טען פאר אייךביידען פון קרעמענטשוג ביז נאיארק... צווייטע קלא־סע, און געזונדערהייט. אייך געפעלט דיא פארטיע?

ג ר ע ג ו א ר : זא וואהר איך לעב, וואס איז דאס פאר א פראגע? אזא פאמיליע! שעהן, געבילדעט... וואס אארט מיך דארטען וואס? זאל איך נאר געפעלען איהר.

ר א פ א י ל : וואס עס געפעלט מיר, געפעלט אויך מיין טאכ־טער! נאך דער חופה גיב איך 2½ טויזענד.

ג ר ע ג ו א ר : איך ווייס... דיא ווארהייט, 25 הונדערטער איז גאר ניט שלעכט, זא וואהר איך לעב.

ר א פ א י ל : איך וויל ניט לייקענען. איהר איז געוועזן פער־שפראכען שוין לאנג 5 טויזענד.

ג ר ע ג ו א ר : עז! ווילט איהר ביי מיר אברייסען 2½ טויזענד, ווייל איצט זייט איהר מיט איהר אונצופריעדען ?

ר א פ א י ל : אזוי מיינט זיא. אייך מעג איך זאגען: איך וויל גאר ניט אברייסען... דריי יאהר נאך דער חתונה קריגט איהר דיא איבריגע 25 הונדערטער מיט פראצענט. איהר הערט? פריד־לענדערס וואַרט איז אזוי גוט וויא א קייזערליכער קרעדיטנער בי־לעט... יא! מיט פראצענט... געווים אויב איהר וועט נאר לעבען ווי מענשען... און זיא וועט ניט האבען קיינע אורזאכען צו בע־קלאגען זיך . . .

ג ר ע ג ו א ר : בעקלאגען זיך? . . וואס הייסט, מע נארט מיך... איך ווייס דען ניט אלעס ?

ר א פ א י ל : פיעלייכט ווייסט איהר נאך ניט אלעס . . .

ג ר ע ג ו א ר : עס מעג זיין טויזענד מאהל ערגער וויא עס איז, וויל איך ניט וויסען דערפון, זא וואהר איך לעב . . .

ר א פ א י ל : איהר זאגט עס און איהר מיינט עס ערנסט ? איהר גיט מיר אייער עהרענוואָרט?

ג ר ע ג ו א ר : מיין עהרענוואָרט, אלס מענש און ארטיסט. (גיט איהם זיין האנד).

ר א פ א י ל : (ווארם) הערט, יונגער מאן, איהר קענט מיך ניט... איהר ווייסט ניט, וואס פרידלענדער איז אימשטאנדע צו טהון... אי, אויב זיא וועט זיין גליקלעך, אויב זיא וועט ביי אייך פערגע־סען, וואס זי דארף נעביך איצט אויסשטעהן!... מיין פריינד, זי איז

א יונג קינד... עלטערע און קליגערע פון איהר מאכען פעהלערען...
איהר מעגט מיר גלויבען, זיא האט געליטען גענוג... איך האב פיינט
צו מאכען א מענשען גערעכט אין דיא אויגען, אבער, יונגער מאן,
קיינער ווייסט ניט, וויא ליעב דאס קינד איז מיר... (טרעהרען) זיא,
מיין עטי... (קערט זיך אב, פויזע, בעהערשט זיך) עה, טשארט וואזמי!
אז איך וועל נאר זיין מיט אייך צופריעדען. ניט נאר 2½ טויזענד,
נעהם מיין פערמעגען, מיין גאנצעס לעבען, מיין אלעס! זיא וועט
לאנג אליין דארטען ניט זיין. וויא איך וועל נאר קענען ליקווידירען
מיינע געשעפטען, באלד אהין צו אייך. (ווידער טרעהרען) וואס דען,
איך וועל קענען לעבען אהן איהר? נאר שש... איהר דארפט איהר
גאר נישט ניט זאגען . . . איך וועל אייך גליקליך מאכען, אויב
זיא וועט זיין גליקליך . . . איך שווער עס אייך. (פלוצלונג הוסט
ער שטרענג און שרייט) עי, עטי, אהער געה!

גרעגואר: הערר פרידלענדער, איך ראטה אייך יעצט גוט זיין צו איהר . . .

רפאיל: יונגער מאן, איהר ווילט מיך פאלגען? גיט מיר קיין מאל קיין עצות ניט! (עטי קומט, נאך בלאסער, שעהן געקליי-
דעט, גרעגואר בייגט זיך העפליך), קום אהער צו מיר (פיהרט זיא אן א
זייט), ביי אונז איז אלעס אבגעמאכט. דארפסט איהם קיינע גע-
שיכטען ערצעהלען... איך בין אן אלטער סוחר און האנדעל
מעשה סוחר. . . יעדער קונה דארף אליין וויסען וואס ער קויפט. . .
הם! וועסט חתונה האבען און באלד קיין אמעריקא, ווייטער פון
מיינע אויגען . . . נו, נו! וואס איז אמעריקא? וועסט זעהן עס איז
שלעכט, באלד א טעלעגראמע און מען גט זיך אב . . . א טאכטער
א גרושה איז קיין אונגליק ניט, (בייז) אן אונגליק איז א טאכטער...
אזא . . . וועלכע פאסט ניט זיין ביי פרידלענדער'ן אין הויז . . .
נו! נאר ניט געוויינט... איך לאז אייך אליין, דו הערסט? ניט
געוויינט! (אב, פויזע).

גרעגואר: פריילין, איך ווייס, מיר זיינען נאך יעצט וויא פרעמדע... עס איז גאנץ נאטירליך, איהר קענט מיך נאך זעהר
ווייניג . . . מען קען זאגען, איהר קענט מיך נאך גאר ניט, ווארום

אהן מיין פידעלע, זאָ וואהר איך לעב, בין איך א האלבער מענש...
ווען מיין פידעלע וועט רעדען שפּעטער צו אייך, וועט אייער הערץ
ניט קענען בלייבען געשלאָסען, איך ווייס עס. דיא וואהרע שפּראַך
פון איין אַרטיסט איז זיין קונסט ... פריילייז, איהר הערט
גאָר ניט וואָס איך זאָג?

ע ט י : (שטיל און טרויעריג) אלזא איהר האָט אייך טאַקי בע־
שלאָסען מיך צו נעהמען?

ג ר ע ג ו א ר : יא, פריילייז, איך וויל האבען דיא עהרע און
דאָס גליק ...

ע ט י : עהרע און גליק? נייז! איך וויל אייך ניט נארען. בעפאָר
איהר וועט אייך בעשליסען מיך צו נעהמען, וויל איך, איהר
זאָלט אלעס וויסען ... איך האָב מיך געוואָלט שמד'ן ...

ג ר ע ג ו א ר : א גרויסע זאך! איך האָב מיך אויך געוואָלט
שמד'ן, מען זאָל מיך נאָר צונעהמען אין דער קייזערליכער
אָפּערא אין פּעטערסבורג.

ע ט י : איך האָב געליעבט...

ג ר ע ג ו א ר : אה! ווער פון אונז האָט ניט געהאט קיינע
ראָמאַנען? און נאָך וויפיעל ראמאנען! איך קען גאָר ניט איבער־
ציילען, וויפיעל מאָל איך האָב געליעבט, זאָ וואהר איך לעב.

ע ט י : אי! איך האָב נאָר איין מאָל אין מיין לעבען געליעבט.
(פויזע), איך האָב געליעבט א קריסט, אַן אָפיציער ... איך
וויל אייך ניט בעטריגען, מיין הארץ און מיין זעעלע האָב איך איהם
אָבגעגעבען ... זיינע עלטערן האבען איהם ניט ערלויבט נעהמען
א אידישע טאָכטער זאָגאר ווען זיא וועט זיך טויפען ... ער האָט
זעהר געאַכטעט זיינע עלטערן און אָהן זייער זעגען האָט ער ניט
געוואָלט חתונה האָבען... אָבער מיך פערלאָזען איז אזא לאגע
וויא איך בין שוין געוועזן האָט ער ניט געקענט. ער איז געוועזן איין
עהרליכער מאַן און האָט עהרליך געליעבט ... ער האָט זיך ער־
שאָסען... (פערדעקט איהר געזיכט און וויינט, נאָמאשא עפענט שטיל דיא
טהיר).

נ אַ ט אַ ש אַ: עטי, דאַרפסט פּיעלייכט עטוואס? האָסט מיך גערופען? דיטיאַטקאַ, קינד, איך שטעה ביי דער טהיר און הער זיך צו, ווייזט זיך מיר אויס, דו וויינסט... (טרעהרען שטיקען זי).

ע ט י: (בעהערשט זיך) ניין, ניאַנע, איך וויין ניט.

ג ר ע ג ו אַ ר: איך וויל, איהר זאָלט אונז לאָזען אליין.

נ אַ ט אַ ש אַ: שוין, מיין הערר, באַלד (ווישט מיט'ן פאַרטוך דיא אויגען, אָב).

ג ר ע ג ו אַ ר: איך פערשטעה ניט, וואָרום דאַרפט איהר דאָס אַלעס מיר ערציילען? איהר מיינט, איך האָב ניט געהערט, אַז דער שטאַבס קאַפּיטאַן בעלאוסאָוו האָט זיך דערשאָסען?

ע ט י: יאָ, ער האָט זיך דערשאָסען, ער איז טויט, אָבער אונטער מיין צוואַוואונדעט הערץ לעבט זיין קינד.

ג ר ע ג ו אַ ר: קינד? הו! קינד! זאָ וואָהר איך לעב, דאָס האָב איך ניט געוואוסט . . . אָבער ערלויבען זיא, היינטיגע צייטען, איבערהויפּט ווען מען איז רייך . . . עס גיבט מיטלען . . . עס איז דאָ דאָקטוירים וועלכע קענען בעפרייען . . .

ע ט י: דיא שאַנד'ע און שמערץ, וואָס מיין פאָטער ליידעט, מאַכען מיר אַזוי וועה, דאָס ווען ער זאָל מיר הייסען נעהמען גיפט, וואָלט איך גענומען . . . ער זאָל מיר הייסען דאָס טהאָן וואָס איהר מיינט, וואָלט איך אפשר געשוויגען און געפאָלגט . . . אָבער ער וויל ניט. ער און נאַטאַשאַ ווייסען אַלעס . . . קיינער אויסער זיי, זאָגאַר מיין מוטער ווייסט ניט, זיי ביידע זיינען מיינע בעסטע פריינד אין'ם לעבען . . . אי! מיין פּאַפּאַ ווייסט ניט וויא איך האָב איהם ליעב . . . זיין אייז גוט וואָרט מאַכט מיך גליקלעך און זיינע יסורים דורך מיר צוברעכען מיר דאָס הארץ . . . און דיא ניאַנע? . . זיי ביידע ווילען ד אָ ס ניט דערלאָזען. . . און דאָס וואָס איך דערצייל אייך איצט דעם גאַנצען אמת, ווייסט נאָר דיא ניאַנע, נאָר זיא . . . (שטעהט אויף) יעצט הייסט מיר דער פּאַפּאַ, איך זאָל הייראַטהען און מיט אייך פאָהרען איבערן אָקעאַן . . . איך טהו עס נאַר, ווייל ער הייסט מיר דאָס טהון . . . יאָ, דאָס איז וואָהר . . . אָבער, אויב איהר, וויסענדיג אַלעס, וועט

מיך ניט אַבשטויסען פון זיך, אויב איהר, פעראַכטענדיג מיך וויא אזא פּרוי פערדיענט, וועט דאָך האָבען צו מיר כאָטש אַביסעל מיטלייד . . . איך שווער אייך, איך וועל אייך זיין אַ שטילע אי־בערגעבענע דיענסט, איין אונטערוואָרפענע שקלאַפין, איך וועל אָפּפערן מיין געזונד, מיין לעבען, איך וועל אַלעס דולדען און ער־טראָגען, אום אייער גליק זאָל ניט זיין דורך מיר געשטערט, אום איך זאָל ווען עס איז קענען פערדיענען אייער פערצייהונג און איהר זאָלט פערגעסען אַמאָל, וואס איך האָב געזינדיגט געגען אייך, ווען איך האָב אייך נאָך ניט געקענט... איהר ווייסט אַלעס..... טהוט וויא איהר פערשטעהט . . . (וויינט ווידער, ער בלייבט זיצען פערטראַכט).

נ אַ ט אַ ש אַ : (הינטערן טהיער) עטי, ד'ער פּאַפּאַשאַ וויל ניט דו זאָלסט וויינען. דו הערסט, עטי ?

ע ט י : קום אריין, ניאַנע, מעגסט שוין אַריינגעהן. (נאַטאַשא קומט). אַלעס איז שוין פאַראיבער . . .

נ אַ ט אַ ש אַ : אי, מיין קינד, ווען וועסטו שוין אויפהערען צו וויינען (גלעט איהר דעם קאָפּ, שטיל). ער ווייס שוין אַלעס? בעסער אזוי . . . מען טאָר ניט פערלייקענען . . . טס. (אַ גע־רויש). ער אַליין געהט. (מאַכט אַ פרעהליכען געזיכט, ראַפאַיל קומט און בעטראַכט זיי).

ר אַ פּ אַ י ל : נו, מען האָט דאָ גע'טענה'ט און געוויינט . . . איך זעה שוין . . .

ג ר ע ג ו אַ ר : (ערוואַכט וויא פון שלאָף), אָבער אַלעס איבערגע־טענה'ט און איהר קענט אונז גראַטולירען . . .

ר אַ פּ אַ י ל : אזוי? זיא געפעלט אייך דאָך? הם! הערט, איך האָב אייך פריהער פערגעסען זאָגען, אַז . . . ע . . . אויסער בילעטען ביז אַמעריקאַ קריגט איהר 5 הונדערט רובעל אויף וועג הוצאות, און . . . ע . . . איהר גיב איך קיינע פּרעזענטען! זיא האָט ניט פערדיענט ביי מיר! אָבער אייך, איך האָב בעמערקט, אייך געפעלט מיין זייגער, איהר קענט איהם האָבען (גיט איהם זיין זייגער) נאַטאַשאַ, רוף זיי אַלע אהער (נאַטאַשא — אָב) עי, ציליע,

קום נאָר אַהער! (ציליע לויפט אריין) געה, ווינש גליק דיין שוועס־טער (ציליע קושט זיך מיט עטי׳ן, דריקט שטארק גרעגואר׳ס האנד, סאמואיל קומט).

סאמואיל: האבע דיא עהרע צו גראטולירען . . . איך האָב פיעל מאָהל געהערט, וויא איהר האָט געשפּיעלט קאָנצערט אין וואיענע קלוב.

גרעגואר: איך? אין וואיעננע קלוב ?

סאמואיל: איך מיין, אין אבשצעסטווענע קלוב . . . אויס־געצייכענט. . . איהר האָט ניט געבראכט אייער פידעל ? שאדע, געווים איין אַלטער איטאַליענישער אינסטרומענט . . . איך האָב אַ בעקאַנטען פּאַמעשציק, טרעמפּוחאַוויטש, האָט ער אַ וויאָלאָנטשעל, וועלכע קאָסט 17 טויזענד רובעל, וויא איך בין אַ איד, 17 טויזענד . . . זיא איז 2400 יאָהר אַלט . . . (גרעגואר רעדט מיט ציליען).

ראַפאַיל: סאמואיל, קום אַהער (זאָגט איהם עפּעס) נאָ, רויכער אַ פּאַפּיראָס. (חוה, ביילע, אפרים און נאטאשא קומען).

אפרים: הייסט עס, קומט מיר שוין יאָ אַ מזל טוב? אי, אַ שנור! הלואי וואָלט איך בעסער געווען זיין טאַטענס זוהן, וויא זאָגט מען, דעם הונד קומט אַז דער בעסטער ביסען.

ביילע: (שטיל) וועסט שוין אין דער היים קריגען פון מיר אַ ביסען, וועסט זיך דערווערגען !

חוה: (פאַלט אויף עטי׳ס שולטערן) זעהט זיך אַז אַ שטילער, אַ העפליכער . . . אי, דו וועסט זיין גליקליכער וויא דיא מאַ־מע דיינע ! . . .

עטי: אה, מאַמאַ, ווען ער וואָלט כאָטש וויפיעל עס איז געווען עהנליך צום פּאַפּאַ . . . איך וואָלט מיין גאַנץ לעבען פאר איהם אויף דיא קניע געשטאַנען און וויא אַ גאָט אנגעבעטען . . . מאַמאַ, איהר לעבט מיט פּאַפּאַ 30 יאָהר און איהר זייט נאָך ניט בעקאַנט . . .

ביילע: (פיהרט גרעגוארן אַז אַ זייט) נו ? . . .

גרעגואר: נו, נו, 2½ טויזענד באָלד, 2½ טויזענד שפּעטער,

צוויי בילעטען צווייטע קלאסע ביז אמעריקא, 5 הונדערט רו־בעל אויף הוצאות, א זייגער שויז, זא וואהר איך לעב, קאסט טוי־זענד פראנק און . . .

ב י י ל ע: אי, מחותנת'טע, מזל טוב אייך! (פאלט חוה'ן אויפ'ן האלז).

צ י ל י ע: מוסיו פידלער, מיר וועלען ביידע עפעס שפיעלען אין פיער הענד (זעצען זיך ביידע צו דער פיאנא).

ג ר ע ג ו א ר: יא, מיינע ליעבע . . . ניט אומזיסט איז אייער שעהנער נאמען ציליע . . . צעציליע איז דיא הייליגע בעשיצערין דער מוזיק.

א פ ר י ם: (צו ראפאיל'ן) מחותן, וואס אנבעלאנגט צו חכמת המוזיק, טהעאריע, הארמאניע, גענעראל־באס, קאנטרא־פינקט — א קענער, פס... און צו ביסלעך וועלען מיר דאך נעהמען מסתמא, הא?

(אלע ביים טיש טרינקען און פערבייסען. ציליע און גרעגואר שפיעלען אין פיער הענד).

ע ט י: (זעצט זיך, שלעפט צו זיך נאטאשא זיא זאל זיא פארשטעלען מיט איהר קערפער) ניאניע, איך וויל וויינען, אבער שטיל, שטיל, דער פאפא זאל ניט זעהן . . . איך קען זיך ניט בעהערשען . . . איך האב מורא וועל באלד אנהויבען יאמערן אויפן גאנצען קול.

נ א ט א ש א: שש! . . . שטארק זיך, קינד מיינס . . . מיין ארעמע שעפעלע.

ע ט י: (פאלט איהר אויפן ברוסט און וויינט שטיל) אי, ניאניע, ניאניע, ניאניע!

פ א ר ה א נ ג.

# צווייטער אקט.

(א שעהנער פארלאָר רום, פיעל טשערס, א פיאנאָ אויף וועלכער עס שטעהט בעטהאָווענס סטאטוע און עס ליגט א וויאָלין אין א שאכ־טעל. אפרים און ביילע בעטראכטען אלע זאכען אין צימער, אל־בערט, א אינגעל פון א יאָהר זיעבען, בלאס און קריינקליך, גיט זיי ערקלעהרונגען. אין צווייטען צימער לערנט זיך אימיצער שפיעלען פיעדעל, גרעגואר מאכט אפט בעזע בעמערקונגען. אלע רעדען מיט א האלבע שטימע, פארזיכטיג).

**אפרים:** נו, ראָבערט, אלבערט מיין איך, און וואָס איז דאָס ?

**אלבערט:** דאָס איז בריק־א־בראַק, גרענד פא . . .

**אפרים:** דו הערסט, ביילע? דאס איז בריק־בראק־גרענפא . . .

**ביילע:** (זיפצט) נו, יא, אמעריקא איז בריק און בראק.

**אפרים:** און גרענפא אויך . . . דו הערסט דאך וואָס ראָ־בערט, אלבערט מיין איך, זאגט . . .

**אלבערט:** ניין, זיידע איז גרענפא. . .

**אפרים:** נו, יא, וואָס זשע איז דאָס גרענפא ?

**ביילע:** הערסט דאך: גרענפא איז זיידע (קוקט זיך אום) זעה נאָר, וואו איז עטי ?

**אלבערט:** מען דארף איצט דעם פאפא דערלאנגען זיין „קאפ“ טשאקאלאד . . .

**אפרים:** דו הערסט? דייז יורש דערלאנגט מען טשאקאלאד.

**ביילע:** א גדולה אויף זיין טאטען. נו, און טאנטע ציליע וואו איז? זיא איז שטענדיג דא ביי אייך ?

**אלבערט:** ניין, זיא וואָהנט מיט'ן אנדערן גרענפא אין דער קאַנטרי . . . נאָר איז שטאדט געפעלט איהר בעסער . . . זיא קומט זעהר אפט און שטעהט ביי אונז א וואָך, צוויי. זיא איז איצט געפאָהרען דאון־טאון זעהן אנקעל סעמואיל . . . ער איז

זעהר א גוטער צו מיר . . . און אט נעהמ דיא מאמא (עטי קומט מיט א טאסע שעקאלאד).

עטי: (געהט אויף דיא שפיץ פינגער) טס! רעדט ניט אזוי הויך (קלאפט אין טהיר) פראפעסאר, שעקאלאד.

אפרים: פראפעסאר! דו הערסט? ניט וויא דו רופסט דעם מאן כליזמר'שע קישקע.

אלבערט: אלע רופען דעם פאפא פראפעסאר. (עטי האט דער־לאנגט אין טהיער דעם שעקאלאד).

עטי: (שטיל) זיצט . . . שש! געוואינט איהר אייך צו מיט אמעריקא? קום אהער, אלבערט, וואס איז דיר? פיהלסט זיך ניט גוט? (נעהמט איהם צו זיך אויף דיא קניע).

ביילע: שעהנע אמעריקאנער! ווען מיר פאהרען אהער בלאנזען מיר . . . די סטאנציע איז 76 און מיר דארפען 72, זאג איך איהם אבער אז מיר דארפען ביז 72 געהן אראפ און ער קריכט ארויף . . . נו, זיינען מיר פערקראכען . . .

אפרים: וויא אזוי ווייס איך, וואו איז אין אמעריקא ארויף און וואו אראפ? עס זאל זיין א בארג, נו ? . . . אבער אז דא איז ארויף און אראפ גלייך . . . איך האב געפרעגט, איך האב זיך ניט געשעהמט . . . סעווענטי טוא ? זאג איך, לאכט ער, סעווענטי טוא? זאגט ער, סעוועטי סעקאנד . . . איך האב צוקייעט נאכ־דעם, סעקונד איז וויא ביי אונז כלי־זמר סעקונדע . . . וואס זשע דארף מען זאגען פרימע סטריט, סעקונדע סטריט, טערצע סטריט? אין לעטיין, הא? (זינגט נאך דעם עטיוד וואס מען שפיעלט, טע דע) אי! פאלש! דער פראפעסאר הערט ניט . . . דו הערסט וויא פאלש ? ראבערט, אלבערט מיין איך.

ביילע: קיין בייזע אויג. אלבערט איז אזא וואוקסיקער. פאר וואס איז ער ביי דיר אזוי בלייך? מחשבת'ן וויפיעל איז ער אלט ?

עטי: זיעבען יאהר געווארען, דאס אכטע.

ביילע: דאס אכטע? האסט א טעות . . . וואס זשע האסט איהם גאר ניט געטראגען ?

---

אפרים: האבען און טראגען — דאס איז די גאנצע ווייבערשע מוזיקע . . .

עטי: איך מיין, יא! איך רעכען שטענדיג אזוי ביינאהע . . . איהר זייט גערעכט.

אלבערט: גרענד פא, איהר ווייסט, דער פאפא האט מיך ניט ליעב.

עטי: אלבערט! שוויגער, איהר האט מיר ווייניג נייעס ער־ציילט פון קרעמענטשוג.

ביילע: זעהסט, א קינד און פערשטייט שוין וואס פאר א מענש זיין טאטע איז.

אלבערט: איך שטעה און ציטער . . . איך ווייס, דאס איז דער לעצטער שילער און באלד וועט ער מיך רופען שפיעלען.

עטי: קען דיין לעטאז, וועסט דו ניט דארפען מורא האבען. גענוג רעדען!

אלבערט: איך דערשרעק זיך פאר איהם און פערגעס אלעס. גרענפא, אין רוסלאנד אז מע שעלט זיך, רופט מען אפיציר? נאך עפעס זאגט דער פאפא . . . (אפרים און ביילע קוקען זיך איבער)

עטי: אלבערט, איך זאג דאך דיר, דו זאלסט שווייגען! ע, שוויגער, האט איהר עפעס א רעכטע וואהנונג? איך האב געוואלט אראפפאהרען.

ביילע: לאזט דיך ניט דער פראפעסאר . . . איך ווייס! אי, א דירה, דריי איינגע שפיי־קעסטלעך

אפרים: אז ביילע וויל זיך שעלטען, האט זיא אפילו ניט, וואו צו עפענען דאס מויל און אז איך האב זיך אויסגעקליבען אמאל דורכשמועסען זיך מיט מיין פידעלע, וועלכע איז נעביך געלעגען, וויא איין עגונה פון קרעמענטשוג אן, האט מען באלד אנגעהויבען קלאפען פון אויבען און שטורכען פון הינטען... אי, און וואס מאכט פארט דער מחותן ר׳ רפאל? איך האב איהם אזוי געוואלט זעהען און בעדאנקען פאר דיא שיפס־קארטען. א אייגענער זוהן האט ניט געוואלט שיקען נאך אזא ליעבען טאטע און אזא טהייערע מאמע און דער מחותן האט געשיקט. דאס איז מסתמא דיינע

שתדלנות. עטי, ביזט א גוטע, עס איז ווייט פון דאנען? וואס איז דאס, אזוי וויא מען רופט ביי אונז א אימעניע, א מאיאנטיק?

ע ט י : א גרויסע פארמע, לעבען דער שטאדט הארטפארד. דער פאפא האט בעצאהלט 35 טויזענד דאלער. צוויי טויזענד אקער ערד, זעכציג בהמות, שאף, פערד, מולען, מאשינען, וועגען, קארע־טען... זעהר א גרויסע פארמע. מאנכעס מאל פאהרען מיר אהין אויף קריסטמעס. עס איז ניט ווייט . . .

ב י י ל ע : מחשבתן, זיי זיינען שוין דא א קימא לן פון א יאהר פיער.

ע ט י : יא, זיי זיינען געקומען דריי יאהר נאך אונז.

א פ ר י ם : איך געדענק, וויא דער מחותן האט זיך געאיילט . . . איך מוז זיי, זאגט ער, פונקט דריי יאהר נאך דער חתונה ברייג־גען 2½ טויזענד רוסישע קערבלעך, וויא איך האב צוגעזאגט. אי, הלואי האב איך אזא שוועד

ע ט י : דער פאפא איז נעביך זעהר אלט געווארען. אויף דער פארם געהט שלעכט, ער איז אליין . . . סעמואיל איז דא אין ניו יארק און ציליע... נו, וואס קען ציליע העלפען? נאר דיא ניאניע נאטאשא איז דיא איינציגע הילפע . . . גוטע זעעלע!

א פ ר י ם : א פראוואסלאוונע גויה זאל זיין אזוי טריי! ניט אנ־דערש, זיא האט אין זיך א גלגול פון א אידען.

ב י י ל ע : אויף דער עלטער, מיט אידען, אין א פרעמדע מדינה. טאקי א דימענטענע גויה, להבדיל א כפרה. (עטי הערט זיך צו, לאזט שנעל אראפ דאס קינד פון שויס).

ע ט י : דער שילער געהט אוועק, גרעגואר וועט באלד אריינגעהן.

ג ר ע ג ו א ר : (ביים טהיער) יעס, גוד ביי (אריין, רויכערט א סי־גארע, טראגט א שעהנעם סמוקער) אה, איך הער, ווער ברומט דא מיר אונטער'ן אויער? (צו אלבערט) הערריין!

א פ ר י ם : הער, מילא, עס מוז דאך זיין אן עק מיט דער יוניאן. עס קאסט צעהן סענט פאהרען ארויף און צעהן סענט אראפ!

ג ר ע ג ו א ר : שפעטער! ציליע, נאך ניט געקומען? עטי, קענסט

זיי ניט נעהמען אין דייניגג רום? טאמער קומט אימיצער, זעהר שעהן, דיא רוסישע גרינהארנס, שנארערס.

ב י י ל ע : איך וואלט שויז געוואלט זעהן וואס מען קען ביי דיר אויסשנארען.

ע ט י : נעהם דיין פידעלע און געה שפיעלען (אלבערט אב) קומט, איך וועל מאכען טיי, מיר האבען אמת'ע רוסישע טיי, פא־פאווס... גרעגואר, איך בין שולדיג, וואס אלבערט וועט היינט ניט קענען גוט זיין לעסאן. ער האט גע־פיהלט שלעכט, האב איך איהם ניט געלאזט לערנען . . . (צווינגט זיך צו לאכען) נו, קרעמענטשוג, לאזט זיך ניט בעטען. (אפרים, ביילע און עטי אב).

ג ר ע ג ו א ר : (קעמט דיא שנורבארדע מיט א קליין בערשטעלע ביים שפיגעל), אז ציליע איז ניטא אין שטוב, איז ניטא קיין אינטערעס אין דער היים . . . אז זיא איז דא, ווילט זיך רעדען, לאכען, שפיעלען . . . דער טייפעל זאל זיא נעהמען, זיא קריכט מיר פון קאפ ניט ארויס . . . שפיעל איך — מוז איך דענקען פון איהר. בין איך ערגיץ — אייל איך זיך א היים צוליעב איהר . . . זא וואהר איך לעב . . . דאכט זיך שויז אז אלטע מויד און ברעקילט זיך נאך... זיא רייצט זיך נאר מיט מיר... אבער סוף כל סוף, וועל איך זיך מיט איהר אברעכענען . . . חען! חען! חען! נו, מען דארף געהן לערנען מיט מייז ווייבס זוהן . . . (אב. אין צווייטען צימער בייז) אנפאנגען! (אלבערט שפיעלט).

ע ט י : (שליסט אויף דיא פראנט טהיער און קומט אריין שטיל) איך האב זיי געזאגט, איך געה אין דעליקאטעסען סטאר און אליין האב איך זיך ארייגגעכאפט אהער (הערט זיך צו) מיין הארץ ווערט צוריסען ווען ער לערנט מיט איהם און ניט לאזען איז נאך ערגער. (הערט זיך צו) אי, ער שפיעלט ריכטיג . . ער שפיעלט ריכטיג (הערט זיך צו און דיריגירט מיט'ן פינגער, צושאקלענדיג מיט'ן קאפ).

ג ר ע ג ו א ר : (אין צווייטען צימער) עי! עי! טעמפא! טעמפא! חאם! באלוואן! (דאס פידעל שפיעלט ניט, עטי זיפצט) נו, ווייטער!

(שפּיעלט) איינס, צוויי, דריי, פיער! איינס, צוויי דריי, פיער! קענסט ניט צעהלען קיין פיער פערטעל? פערשטאָפּטער קאָפּ! אָפיציער! (דאָס פידעלע ווערט אנשוויגען) נו, (פויזע) נו? שפּיעלט אָב צוויי טאקטען און שטעלט זיך אָב . . . נו, זאג איך! נו! נו! (מען הערט, ער שלאָגט דאָס קינד, וועלכעס שרייט ערשראָקען „פּאפּא! פּאפּא!")

ע ט י: ער שלאָגט איהם ווידער, וועה איז מיר! (קעמפּפט מיט זיך אליין ביי דער טהיער) נייז! נייז! איך וועל זיך ניט אריינמישען . . . עס איז נאָך ערגער . . . ער ווערט וואהנזיניג און שלאָגט איהם נאָך גרויזאמער . . . אי, אונגליקליכעס קינד!

ג ר ע ג ו א ר: פאָרט פון דאַנען, באַלוואַן! פאָרט! (ווארפט ארויס אלבערט'ן און בלייבט אליין אין צווייטען צימער).

ע ט י: (דריקט דאָס קינד צו זיך און קושט) שש! וויין ניט... וויין ניט...

א ל ב ע ר ט: (וויינענדיג, מיט א פערשטיקטע שטימע) מאמא, ווען דער פּאפּא שלאָגט מיך איבער'ן קאָפּ, הויבט מיר אַן שווינדלען אין דיא אויגען... (גרעגואר קומט).

ע ט י: שש!... (לאָזט איהם אראָפּ פון דיא קניע).

ג ר ע ג ו א ר: נו, ווארום האסטו איהם אויפגעהערט טרויסטען? דיין גאַנצע ליעבע קומט דאך איהם אַן... קענסט שענקען ליעבע נאַר וויא א גנב, הא?

ע ט י: איך וויים, דיך קרענקט, ווען איך צייג ליעבע צו איהם און איך וויל דיך ניט קרענקען... ווייסט דו דאָס נאָך ניט? אַלבערט, געה, וואש דיך אָב און זיץ דארטען מיט'ן זיידען און מיט דיא באָבע. (אלבערט אב).

ג ר ע ג ו אר: מיט זיין זיידען און מיט זיין באָבען, חע! חע! חע!

ע ט י: (מאכט זיך ניט הערענדיג) גרעגואר, איך בעט דיך, איך בעט דיך, שלאָג ניט דאָס קינד איבערן קאָפּ. עס איז זעהר שעדליך.

ג ר ע ג ו א ר: אזוי? שעדליך? ווער האָט עס דיר געזאָגט? דער אפיציער דיינער אָדער דער גלח ווען ער האָט דיך פאר'ן שמד'ן געלערנט האַספּאָדי פּאמילוי? (זיא פערברעכט דיא הענט און לאָזט אראָפּ דעם קאָפּ. ער געהט אום אויפגערעגט) שלאָגען איהם! עס הייסט,

איך שלאָג איהם, ווייל איך רעכען עפּעס? מיט אַנדערע האָב איך געדולד, מיט איהם ניט. פערקעהרט, איך האַלט זיך נאָך איין, ווייל איך וויים, מע וועט מיינען איך שלאָג איהם דערפאַר... ווען אָבער איך זאָל האָבען מעהר רעכטע אויף איהם, ווען ער זאָל טאַקי זיין מיינער, וואָלט איך איהם דער׳הרג׳עט אויף טויט... זאָ וואהר איך לעב... פּשוט, מע טאָר מיט אַז אייגענעם ניט לערנען. גענוג, איך לערען מעהר ניט מיט איהם... איך וועל בעסער צאָהלען פאַר איהם פּראָפעסאָר ווילדערמייערן. עס וועט זיין געזונטער פאַר מיר, פאַר איהם, און פאַר דיר אויך... עטי, דו הערסט?

עטי: איך הער און דערפאַר דאַנק איך דיר זעהר.

גרעגואר: יאָ? נו, ביזט דו שוין ניט בייז אויף מיר?

עטי: ווער גיט מיר רעכט בייז צו זיין?...

גרעגואר: קיין פרוי האָט ניט קיין רעכט בייז צו זיין... אַ פרוי האָט נאָר רעכט צו ליעבען און צו זיין גוט (נעהמט זיא צו זיך אויף דיא קניע) נו, אַז דו ביזט ניט בייז, גיב מיך אַ קוש אָהער איז דיא ליפּען אַריין... אַנדערע פרויען האָבען אַזוי ליעב מיינע ליפּען, זיי בייסען מיך, ווען זיי קושען, נו! (זיא קושט קאַלט) פון דעסטוועגען האָב איך אַ היבשע ווייבעל, זאָ וואהר איך לעב. איך וויים, אַנדערע זיינען מיר מקנא... און אַז איך זעה, אַז מען איז מיר מקנא, געפעלסט דוא מיר בעסער (אומאַרמט זיא) ווייסט וואָס, עטי, קום צו מיר אָביסעל (שטעהט אויף).

עטי: דיינע עלטערן וואַרטען דאָרטען אויף אונז...

גרעגואר: אַ גרויסע זאַך! זיי קענען וואַרטען... נו!...

עטי: מיר טהוט איצט אַזוי וועה דאָס האַרץ.

גרעגואר: ווידער דיין אַלטע שטיק. נאָך ניט אויסגעלערענט? איך וויל וויסען: געהסט צו ניין?

עטי: יאָ! איך געה. (זיפצט ער זאָל ניט בעמערקען און געהט).

גרעגואר: האַ! האַ! ניין! איך האָב דיך נאָר געוואָלט אויספּרובען. בין איך ניט דיין מאַן? דאַרפסטו ניט טהון אַלעס, וואָס איך פערלאַנג? קום אַהער! זעץ זיך דאָ לעבען מיר (זעצען זיך ביידע אויף אַ סאָפּקע) ע! וואָס האָב איך דיך געוואָלט פרעגען? פריהער

אז דו האסט מיך א קוש געטהאן, זיינען דיינע ליפען געוועזן קאלט ווייא אייז... זאג מיר, איך וועל ניט בייז ווערען, זא וואהר איך לעב. גלאט אזוי, מיר ווילט זיך וויסען... אז דוא פלעגסט איהם קושען...

עטי: אה, גרעגואר, האסט זיך ווידער דערמאנט...

גרעגואר: איך ויעל ניט בייז ווערען. א יא דיינע ליפען האבען דאמאלס געברענט, הא?

עטי: איך ווייס ניט.

גרעגואר: פלעגט ער דיר דען ניט זאגען? (שווייגט) ווייסט דען ניט? (אויפגערעגט). איך בין רוהיג. זא וואהר איך לעב. גלאט אינטערעסאנט צו וויסען... ער האט דיר געזאגט, הא?

עטי: (גאנץ שטיל) יא!

גרעגואר: זעהסט! דוא! (בעהעררשט זיך) זאג דעם אמת, דוא פערגלייכסט איהם אמאל מיט מיר? ער איז געוועזן א געזונטער, א שטארקער, א הויבער?

עטי: ניין, ער איז געוועזן ניעדריגער פון דיר...

גרעגואר: ניט דאס מיין איך... זאג, דוא ווייסט וואס איך מיין...

עטי: זאל מיך גאט שטראפען אויב איך ווייס וואס דוא מיינסט. אה, גרעגואר, דער מאן איז שוין לאנג טויט...

גרעגואר: אבער דוא האסט איהם ניט פערגעסען?

עטי: איך וויל ניט זאגען קיין ליגען; איך האב איהם ניט פערגעסען...

גרעגואר: איך פערשטיי שוין גוט, פאר וואס דו קענסט איהם ניט פערגעסען... מיך וועסט דו ניט נארען! דו האסט געהאט איין ליעבהאבער, איך האב געהאט פראקטיקע מיט צוואנציג אזעלכע ווי דו... איך ווייס שוין פאר וואס דו האסט איהם ניט פערגעסען...

עטי: איך האב איהם ניט פערגעסען, ווייל איך האב איהם ליעב געהאט.

גרעגואר: ליעב געהאט! אויסגעלאסענע פרוי! בוהלערין! (גיט זיא א פאטש, איין אויגענבליק בלייבט זיא איבעררראשט).

עטי: (חאפט בעטהאָווענס סטאטוע) ווידער שלאגען? (וויל איהם

פלעטען דעם קאָפּ, ער דערשרעקט זיך און בייגט זיך צונויף. גיט א קוק אויף איהם מיט פעראכטונג). ניין, איך דארף ניט... (לאָזט ארויס דיא סטאטוע פון איהרע הענד).

ג ר ע ג ו א ר: חי! חי! חי! האסט מיך אזוי ערשראָקען, אז מיר ווילט זיך לאַכען, זאָ וואהר איך לעב, איך וויל בייז זיין און עס לאַכט זיך. חאָ! חאָ! חאָ! ביזט פּלוצלונג געוואָרען וויא דער אלטע־פרידלענדער... חע! חע! ווייל איך האב ניט ערוואַרטעט, האב איך זיך דערשראָקען... געשלאָגען גאָר? עס איז ניט וואהר... איך האב אפילו ניט געמיינט... אזוי... עס האט זיך ארויסגעריסען... עס האט דען דיר וועה געטהאָן? ווייס איך, א גלעט געטהון איבער'ן בעקיל.. זאָ וואהר איך לעב, איך האב ניט געמיינט. נו, נעהם, און גיעב מיר צוריק צעהן פּעטש (חאַפּט איהרעביידע הענד און פּאטשט זיך איבער דיא באקען). אט אזוי! אט אזוי! דוא זאָלסט מיר ניט זייען טהייער, וואָלט מיך ניט פערדראָסען. אָבער איך האָב ניט געמיינט, זאָ וואהר איך לעב (קושט זיא ליידענשאפטליך אין דיא הענד, אין דיא באקען. אפרים און ביילע שטעלען ארויס דיא קעפּ דורך דיא פּארטיערען און קוקען...)

ב י י ל ע: עטי, דאָס ביזט דו אזוי אין „רעלמיקאטעסען" סטאָר? אי! נאָך ניט אָנגעקושט זיך.

א פ ר י ם: דער פּראָפעסאָר שפּיעלט אַן אובערטיורע מיט דער פּראָפעסאָרשע... חע! חע!

ג ר ע ג ו א ר: (בייז) אין אמעריקאַ דארף מען פריהער אנקלאַפּען איידער מען געהט אריין...

א פ ר י ם: נו'ס איך אקאָרשט פריהער זיין אין אמעריקאַ... דיינע יוניאָנס לאָזען דאָך מיך ניט אין אמעריקאַ אריין! אפרים כלי־זמר קען דאָ גאָר קיין כלי־זמר ניט זיין, וואָס איז דאָס אַ געזעץ פון פּאָליציי צו פון קהל? (מע הערט א שטארקע גלעקעל, שפּעטער א גערויש).

ג ר ע ג ו א ר: פּאָליציע! קהל! איך ווייס ניט, וואו וואקסען אויס אזעלכע מענשען (אלבערט לויפט אריין מיט א גרויסען איבפעט).

א ל ב ע ר ט: אי, מאַמאַ! (א קוק אויף גרעגואר'ן און ווערט אנ־שוויגען).

ג ר ע ג ו א ר: וואס איז דארט? באלוואן!

א ל ב ע ר ט: (צייגט מיט'ן האנד) געקומען!... (מע הערט ראפאילס שטימע).

ר א פ א י ל: וואס איז דאס, שזמורקעס? וואו האבען זיי זיך בעהאלטען דארטען? (קומט מיט א סעטשיל, נאך איהם נאטאשא מיט א באנקע ווארעניע).

ע ט י: (אויסער זיך פון פרייד) פאפא! (פאלט איהם אויפ'ן האלז) באבושקא! ניאניע! (קושט נאטאשא'ן, בלייבען ביידע צוזאמען).

ר א פ א י ל: נו, וואס מאכט איהר דא? (דריקט דיא האנד גרע־גואר'ן) אהא, דער מחותן דא.. שלום עליכם... נו, מחותנת'טע, וויא שמעקט אייך אמעריקא?... מיינער געפעלט ניט, איהר שמעקט ניט...

א פ ר י ם: מחותן, איך האב ערשט דערמאנט, פאר דיא שיפס־קארטען קומט אייך...

ר א פ א י ל: אה! פוסטיאקי! נו, עטי, זעהסט אוים גאנץ היבש, דיא אויגלאך גלאנצען, דיא בעקלאך ברענען.

ע ט י: רויט מיינע באקען? נו, יא, אזוי איז דאס אין פאמיליען־לעבען: אמאל זיינען דיא באקען בלאס, אמאל רויט.

ב י י ל ע: אזא באנקע מאלינע ווארעניע ביי אונז אין קרעמענ־טשוג... אי, מחותן, מיר האבען זיי ערשט געטראפען... קושען זיך, האלזען זיך... א דעלימעקאטעסען סטאר.

ר א פ א י ל: אזוי גאר? הייסט עס, אלל רייט, הא? נו, און וואס הערט זיך אין קרעמענטשוג? דוא, פראפעסאר, דיר האט זיך געגלוסט מיין פענקאווע סיגארענשפיץ, נא! וואס דארף איך איהם אין דארף? (גיט איהם א טהייערען סיגארענשפיץ).

ג ר ע ג ו א ר: (ענטציקט) דאס איז א פרעזענט, איז א פרעזענט... (אלבערט קוקט בייגעריג).

ע ט י: פאפא, און וואס האסט דוא אלבערט'ן געבראכט?

ר א פ א י ל: (קאלט) אלבערט'ן? פערגעסען... נא, קויף זיך אליין עטוואס. (גיט איהם קליין געלד).

גרעגואר: פאפא, וויא געהט דאס אויף דער פארמע? ווארום איז דיא שוויגער ניט געסומען?

ראפאיל: אויף דער פארמע? יא! עס געהט אלל־רייט. אלע זיינען זיך צולאפען, האט די שוויגער געמוזט בלייבען איז דער היים. איך האב געבראכט נאטאששען... דו ווייסט, עטי, זיא איז דיא לעצטע צייט אונמוטהיג און ביינקט נאך רוסלאנד, האב איך זיא גע־בראכט אין נויארק. אז ביי נאטאששא'ן וועלען זיך אבלאזען דיא הענד, געהט דיא גאנצע פארמע פראכאם! נו, אז זיא וועט זעהן איהר עטי, ווערט זיא דאך שוין לעבעדיגער. און דערצו מיר האבען געהערט, עס איז דא אין נויארק א רוסישע פראוואסלאווגע קירכע, זאל זיא אב־דאווגען א פאר מאל, וויא איהר גלויבען פאדערט, וועט זיא ניט ביינקען... נו, און אונזער מאמזעל ציליע ניטא דא? (בייז) זיי שפאציערען דא אום אין אמעריקא!... שפיעלט איהר שוין מחותן?

ביילע: וואס הייסט ער שפיעלט? נו, און דיא יוניאן?

אפרים: איהר פערשטעהט? איך, אפרים כלי־זמר, וואס איך בין כלי־זמר נאך ז'פופקא, איך דארף פריהער דערלאנגען א פראשעניע, מע זאל מיר ערלויבען זיין א כלי־זמר, און אז מע וועט מיר ערלויבען זיין א כלי־זמר דארף איך, אלטער כלי־זמר, האלטען עקזאמען אויב איך קען זיין א כלי־זמר, און אז איך קען זיין א כלי־זמר, דארף איך אריינטראגען 25 דאללאר אז איך מעג זיין א כליזמר און אז איך מעג שוין זיין א כלי־זמר דארף איך שטעהן אויף דער אטשערעד ביז וואנען מע וועט מיר הייסען כלי־זמר זיין... אי, איך בין שוין 40 יאהר א כלי־זמר, אי, איך וויל עסען, אי, איך האב ניט קיין 25 דאלאר? ענטפערען זיי מיר: א יוניאן! אפרים קאפעל־מייסטער דארף בעטען א ראזרעשעניע! געוואלד, אין דער פינסטע־רער רוסלאנד ווער עס וויל פידלען פידעלט און דא אין דער פרייער אמעריקא דארף מען א ראזרעשעניע!... אי! זיי האבען דאך דאר־טען אין דער יוניאן אזעלכע פארטאטשעס, כלי־זמר מיט קלאטשע אין דיא אויערען... שפיעלט מיט א האלבען טאן ניעדריגער און הערט ניט... פייוועל ווארעניק האט ביי מיר אין קאפעליע געקלאפט מיט טאצען, דא שפיעלט ער אלט... און גאר־ניט! א יוניאן!

ב י י ל ע: געוועזן כל ימיו אז עהרליכער מאן... האט זיך ניט גע־
מישט... פלוצלונג יוניאן!

א פ ר י ם: איינער ביי זיי א גאנצער מאכער אין דער יוניאן,
פרעג איך: ברודער, זאג מיר, וואס איז סעפטימא אקקארד?
זאגט ער מיר: סעפטימא אקקארד איז: אויב דו וועסט זיין א סקעב,
וועט דיר א רוח אין טאטענ׳ס ערד אריין! יוניאן!

ג ר ע ג ו א ר: סעפטימא אקקארד! דוא ווייסט זעהר פיעל פון
סעפטימא אקקארד... עס איז ניט קרעמענטשוג... דא פאדערט
זיך יוניאן, דארף זיין יוניאן...

ב י י ל ע: עס איז גרינג צו זאגען, אז מע האט א פוללען מאגען.

ר א פ א י ל: אויב עס וועט זיך האנדלען נאר פון דיא 25 דאלאר,
זאגט מיר... מיין פארמע עסט סאי וויא סאי אויף אלעם, וועט
איהר אנקומען מיט א פינף־און־צוואנציגער וועניגער.

ב י י ל ע: אז מיר האבען שוין יא אייער פינף־און־צוואנציגער,
פאר וואס זאל עס זיי אנקומען! א ריס פון׳ם הארצען, אין שטוב
ניטא קיין קאטשערע, ניט קיין לאפעטע.

א פ ר י ם: (צום זוהן) יוניאן גאר! פאר וואס לאזט מען דיך שפיע־
לען? בריות! זיי קוועטשען דעם קבצן מיט דיא אויסגעדארטע
געדערים, זאלען זיי קוועטשען דעם, וואס האט פולע קישקעס.

ג ר ע ג ו א ר: וואס גלייכסט דו זיך צו מיר? איך בין קיין כלי־
זמר, איך בין ארטיסט. און וויעדער, אין אמעריקא דארף מען
האבען שכל. איך האב אנדערש געטהאן... וויא איך בין געקומען,
באלד געדונגען א רייכע סטודיע, אין אלע מוזיקאלישע צייטונגען
גרויסע רעקלאמען, ניט געהאט קיין שילער און דאך ניט גענומען
ביללינגער פון פינף דאלאר פאר א שטונדע, זא וואהר איך לעב.
דערפאר שלאגט מען זיך יעצט איבער פראפעסאר גרעגואר פידלער,
איך שפיעל ערשטע פידעל אין דער סימפאני; בין דירעקטאר פון א
קווארטעט, בין קאנדוקטאר אין א רייכען מוזיקאלישען פעראיין.
מע דארף פערשטעהן...

ב י י ל ע: ביזט א קאנדוקטאר אויך? נעהמסט דיא בילעטען
וויא אויף דער טשוהונסע?

גרענואר: טשוהונקע? קאנדוקטאר הייסט דיריזשער, קאפעל־מייסטער (מע קלינגט, אלבערט אב).

אפרים: א גרויסע זאך! איך בין געווען קאפעלמייסטער, אז דוא ביזט נאך אומגעלאפען מיט א סמיק פון הינטען... ביזט א חכם אין אמעריקא, ווייל דיין שווער איז דער גרויסער פרידלענדער, איך קען ניט זיין אזא חכם, איהר טאטע איז געווען טרייטעל סופניק. ער איז אן ארטיסט! און איך בין א קאטשקע, א כלי־זמר! ניש־קשה, לאמיר זיך נאך פערהערען! יא, יא, נאמיר שפּיעלען פאר יודען, וועלען מיר זעהען ווער׳ס פידעלע וועט א צופּ טהון ביים הארצען. איך בין א כלי־זמר און ער איז אן ארטיסט, א „ווירטאהוז" איז ער! (אויפגערעגט) וואו איז דיין פיעדעל? נום׳ איך זעהן, אויב דוא וועסט קענען אזוי וויא איך שפּיעלען „יחאוו קאזאק" מיט וואריאציעס? (חאפּט דאס פיעדעלע) יא, יא, לאמיר זעהן (אלע לאכען. ער איז זעהר אויפגערעגט. וויא ער הויבט אן שפּיעלען קומען: סאמואיל, ציליע און אלבערט).

גרענואר: (מיט א איראנישע מינע) שש! קאנצערט (אלע זעצען זיך, סאמואיל נעהמט אלבערט׳ן אויף דיא קניע און קושט איהם).

אפרים: (שפּיעלט מיט געפיהל, האלט זיך מאיעסטעטיש, דיא וואַריאציעס שפּיעלט ער מיט קונצען). נו, עטי, וואס זאגסט דוא?

עטי: עס איז גוט: אבער מע דארף אויסהערען ביידע צדדים.

ראפאיל: בראווא! חא! חא! (פערקנייטשט דעם שטערן) דיא אלטע זיינען גאר־ניט, נאר זיי זיינען דיא בריות... מיר אלטע געפעלען זיי ניט... נו, וואס וועלען זאגען דיא יונגע ארטיסטען?

גרענואר: אנו, ציליע, זעץ דיך אונמיסטען צו דער פיאנא... איך האב שוין לאנג פאר׳ן פאפא ניט געשפּיעלט און איך בין יעצט אויפגעלעגט צו שפּיעלען, זא וואהר איך לעב, זעץ דיך! זעץ דיך! (זעצט זיא אנידער מיט געוואלד און זאגט איהר שטיל) טהייערע, איך האב שוין דא געבענקט נאך דיר. (לויט) יא, דיא זעלבע זאך. (גיט איהר נאטען. זיי שפּיעלען דיא ערשטע טהייל פון „קרייצער׳ס סאנאטא").

ראפאיל: (פערטראכט) ע, אלטער, אפנים מיר זיינען טאקע אויף צרות... הם! משארט וואזמי!...

ע ט י: (שטיל צו נאטאשא'ן) ווען ער שפיעלט האט ער גאר אן אנ־
דער געזיכט... און דאן פערגעס איך אלעס...

ר א פ א י ל: וואס האבען זיי דאס געשפיעלט, עטי, דוא ווייסט
ניט?

ע ט י: איך הער אפט פון דייניגג רום וויא זיי רעפעטירען דאס
און וואס איז דאס, האב איך ניט געפרעגט.

ג ר ע ג ו א ר: הע! הע! אדרבה, זאל דער הערר קאפעלמייסטער
זאגען וואס דאס איז.

א פ ר י ם: אמת, עס איז מיר ניט בעקאנט, אבער א וואוילע זאך.
דער מענש וואס האט דאס געשריעבען זעהט זיך אז, האט גע־
קענט קאנטראפונקט.

ג ר ע ג ו א ר: אזוי? קאנטראפונקט? (צום שווער) דאס רעפע־
טירען מיר מיט ציליען קרייצער סאנאטא פון בעטהאווען.

א פ ר י ם: אה, קרייצערס סאנאטע? קיין מאל ניט געהערט.

ס א מ ו א י ל: קרייצער סאנאטע? איך האב עס באלד דערקענט.
איך האב דיעזע סאנאטע געהערט אהן א גוזמא טויזענד מאל.
וויא איך בין א איד! בעטהאווענס קרייצערס סאנאטע, וואס טאל־
סטאי האט אנגעשריעבען. נו, יא!..

ע ט י: (פארזיך) קרייצערס סאנאטע! דאס בוך... אה! מע ועט
עס אמאל דארפען געפינען און ענדיגען...

צ י ל י ע: נו, וויא געהט עס, פאפא? הערללא!

ר א פ א י ל: הערללא! הערללא! עטי, מיר חלש'ט דאס הארץ,
האסט אפשר אביסעל בראנפען, הא?

ג ר ע ג ו א ר: אה, פאפא, געווים, קומט אין דייניגג רום. איך וועל
אויך נעהמען אביסעלע, זא וואהר איך לעב. עטי, מיר האבען
נאך דיא אנטשאוסען, וואס איך האב געקויפט פאר זיך?...

ע ט י: קומט אלע. (צו גרעגואר'ן) דיינע אימפארטירטע אנטשאור־
סען? דאס וואס דוא קויפסט פאר זיך, בלייבט שטענדיג נאר
פאר דיר. (גרעגואר זעהט פריהער, עטי נעהמט ביילען און געהט, ראפ־
פאיל געהט מיט אפרים'ן)

ר א פ א י ל: ברודער, די אלטע האלטען נאך ביי „יחאוו קאזאק"

און דיא יונגע האלטען שוין ביי „קרייצער'ס סאנאטע". ע! זיי זיינען גרויסע חכמים און קליינע מענשעלאך (ביידע אב. ציליע, סא־מואיל, נאטאשא בלייבען).

נ א ט א ש א: וואס־זשע, קינדער, איהר קלייבט זיך גאר ניט צוריק אהיים? אויף דער פארמע איז א ראזארעניע... פרעמדע ראבאטניקעס קענען ניט זיין טרייע... ניטא קיין אייגענער מענש... דער אלטער געהט אראפ פון זינען. איך וויים, דיא הויפטזאכע וואס ער איז געקומען איז ויעגען אייך... ער וויל זעהר, איהר זאלט לעבען מיט איהם אין איינעם.

ס א מ ו א י ל: מיר איז דא 70 טויזענד מאל בעסער וויא דארטען... דא בין איך אליין א מענש און וואס דארטען? זעצען קארטאפליעם? שעהנע ביזנעס (נעהמט אלבערט'ן, שטיפט מיט איהם).

צ י ל י ע: נאטאשא, איך וויל אויך בלייבען אין שטאדט אויף שטענדיג. דארט איז לאנגווייליג.

נ א ט א ש א: דארט איז ניט גוט? פאטער איז הימעל! איך שטעה אויף אין דער פריה, דיא ליכטיגע זונן שיינט, מיט דער האנד צו דערלאנגען א קלארע טייך, ארום שטוב בוימער, עפיל, בארען, וויינשיל, אויפ'ן בערגיל א וואלד: באזשיא בלאגאדאט. פיש, אויבסען, פרוכטען, האליו, לאנד! ווען מען גיט אונזער'ן א מוזשיק אזא געשאנק פון גאט, וואלט ער דאך געפאלען אויף דיא קניע, וואלט געקושט דיא מוטער ערד און בענאסען זיא מיט טרעהרען פון דאנקבארקייט... דא אין שטאדט קאכט וויא אין דיא קעסלען פון גיהנם און דארטען איז רוהיג... דער אלטער האט קיין הילפע. ער פערשטעהט ניט זייער שפראך און וויים גאר ניט אין דער ווירטהשאפט. ער שווייגט און ארבייטעט שווער, אבער אהן נוצען, און דיא באריניע וויל דארט ניט זיין, טאטשעט איהם, עסט איהם, אי, קינדער, קינדער... טס... (ראפאיל מיט א סאלפעטקע געהט, קייענדיג.)

ר א פ א י ל: איך האב פערשטאנען, אז דוא, נאטאשא, ווילסט זיי איינריידען... וואס־זשע, מע דארף זיי נאך בעטען? סאמואילען געפעלט בעסער דא זיין א קנעכט...

ס א מ ו א י ל: פאפא, איך בין יעצט איין איידזשענט ביי נעהד

מאשינען... ווען נאָר צוויי מאשינען אַ וואָך איז שוין 39 דאָלאַר. היינט, וויא זים דאָס איז, וואָס איך פערדיען זיך אַליין און פערלעב זיך אַליין... 39 דאָלאַר אַ וואָך איז אויך געלד, וויא איך בין אַ איך. ניין, האַ?

צ י ל י ע: נו, יאָ, און ווען דערצו שיקט נאָך דיא מאַמע אַ פּאָאר דאָלאַר, קען מען שוין לעבען.

ר א פ א י ל: דו, איידזשענט, ווייסט ניט, וואו די רוסישע קירבע איז? נו, און דוא, ציליע, דוא מאַכסט דאָ אויך אַזעלכע גליקליכע געשעפטען? זעהסט דוא, דיר וועל איך יאָ זאָגען... ע... איך דאַרף דיך ניט בעטען... (בייז) מיינע שונאים וועלען ניט דערלעבען, איך זאָל וועמען בעטען! עס קומט אימיצער, רעדט צו מיר, איך פער־שטעה ניט... אָדער אַמאָל אַנשרייבען אַ פּאָאר ווערטער. עס איז אַ גרויסע בעל־הבית'ישקייט... איך וועל דיר צאָהלען ווײַדזשעס, וויא אַ פרעמדער...

נ א ט א ש א: דער פּאָפּאָ מעלקט אַליין דיא בהמות און יונגע קינדער זאָלען זיך פוילען.

ר א פ א י ל: זאָנטיקעס מיט קאַרסעטען מיט האַנדשוהען קען מען דאָרט אויך טראָגען... דיא מאַמע געהט ניט אַרויס אויף דער טעראַסע אָהן אַ וואוּאַל.

צ י ל י ע: וואָס וועל איך זיצען דאָרט אין דער בערלאָגע? דאָ אין נויאַרק, מע זעהט מענשען, מע לעבט. פון פּיאַנאָ לעססאָנס פערדיענען דאָ געלד אַזעלכע, וואָס ווייסען ניט מיט וועלכען פינגער מע קלאַפּט „דאָ" און מיט וועלכען „רע". איך בין אַ פּיאַניסטקע.

ר א פ א י ל: (בייז) ווילסט דאָ אין נויאַרק קלאַפּען דאָ און רע מיט דיא פינגער? מאַמזעל, דוא ווּעסט פאָהרען אַהיים!

צ י ל י ע: שרייט ניט אַזוי, מיסטער פרידלענדער... מיינט ניט, עס איז ראַססעיע. ניט קרעמענטשוג איז דאָס — מיר זיינען אין יונייטעד־סטייטס אָף אַמעריקאַ! (אַב)

נ א ט א ש א: (פערברעכט דיא הענד) אַה, גאָט אין הימעל!

ר א פ א י ל: דוא הערסט? עס איז ניט ראַססעיע! פּאַטער און מוטער — דאָס איז אין ראַססעיע, דרך אר"ץ פאַר עלטערע —

דאָס איז אין ראססעיע, פאַמיליען עהרע —דאָס איז אין ראססעיע. פאַר גאָט מורא האָבען — דאָס איז אין ראססעיע, — האָב־זשע מורא פאַר'ן רוח — דאָס איז אין ראססעיע. א הפקר וועלט! וואס איינעם פאלט איין אין זיין פערדישען קאפּ, דאָס טהוט ער, אי! (דראָהט מיט'ן קולאַק.)

ס אַ מ ו א י ל: פּאַפּאַ, וואָס דאַרפסט דו דיא פאַרמע? מיט דיין קאַפּיטאַל קענסט דוא דאַ אין נייארק פיהרען 77 טויזענד געשעפטען. מיין גענעראַלנע אַגענט האט געשפּיעלט אויף דער בירזע וועז עס איז געוועזן דיא פּאַניקע. האט ער פּונקט אין 65 מינוט פערדיענט פיער און אַכציג טויזענד דאָלאַר, 84 טויזענד ביז א סענט, וויא איך בין א איד.

ר א פּ א י ל: איך בין ניט געקומען אהער מאַכען קאַפּיטאַל פון שווינדעל און רויך. איך האָב געקויפט א פאַרמע און האָב געזאָגט, איך וועל אַליין אַרבייטען, וועל איך אַרבייטען דאָרט ביז איך וועל פאַלען צו דער ערד און וועל שטאַרבען־! סוויני! פּאַדלעצי! (אב)

נ א ט א ש א: מע זאָגט געבילדעטע מענשען גלויבען ניט אין גאָטט, האָבען זיי סאוועסט.

ס אַ מ ו א י ל: ניאַנע, וויא קומסט דוא צו פערשטייןן אזעלכע זאַכען? א באַי פון דריי יאהר ווייסט דאַ אין אמעריקא 20 טויזענד מאָל מעהר פון דיר (עטי קומט.)

ע ט י: ניאַניע, סאַמואיל, וואָס זיצט איהר דאַ?

נ א ט א ש א: בלייב דאַ, עטי, איך דאַרף דיר עפּיס זאָגען.

ע ט י: זעהסט, ניאַניע, סאַמואיל איז אלבערטס בעסטער פריינד.

א ל ב ע ר ט: איך האָב קיינעם ניט אזוי ליעב, וויא אָנקעל סעם, קיינעם ניט.

ס אַ מ ו א י ל: מיר דאַכט זיך, איך זאָל האָבען 97 אזעלכע זיהן, וואָלט נאָך ניט געוועזן גענוג פאַר מיר... קום, מיר וועלען פאַהרען אין דייניננ רום (נעמט איהם אויף דיא פּלייצעס) נאָ, האָרזי, הי! הי! הי! (הירזשעט וויא א פערד און לויפט. אב.)

נ א ט א ש א: עטי, זיי ווילען דאָך ניט פאַהרען צוריק... אי, מיר

דוכט זיך אז ציליע. . . וואס קען דא ציליען אזוי אויפהאלטען?

עטי: איך ווייס ניט, ניאניע.

נאטאשא: איך ווייס, דוא האסט זיך פיינט צו קלאגען... אבער זייערע אויגען האבען גערעדט, ווען זיי האבען דא געשפּיעלט... הייליגער גאטט! א שוועסטער!

עטי: דאס האט זיך דיר אויסגעוויזען, ניאנע.

נאטאשא: אי, עטי, דוא קוק זיך צו בעסער.

עטי: וואס פאר א רעכט האב איך זיך צוקוקען.

נאטאשא: דער פאפא, דאכט זיך, אזא קלוגער מאן און זעהט ניט.. ער מיינט, דוא ביזט גליקליך.. מען דארף איהם עפענען דיא אויגען....

עטי: ניין, ניין, ניאניע, בעוואהרע גאטט, ער האט גענוג צרות און יסורים אהן מיר.

נאטאשא: עס איז יעצט ניט אזא אונגליק. צו גייט זיך נאכ'ן יודישען זאקאן.

עטי: ניין, ניאניע, עס וועט נאר ברענגען אלעמען שאנדע און שמערצען און קיין גליק וועט עס מיר ניט ברייגנען. דער פאפא האט איין טרויסט, איין פרייד, דאס אם וויינינגסטען איך בין גליקליך, ווארום זאל איך בײ איהם זיין איינציגע טרויסט רויבען? מיין קינד האט יעצט א פאטער און ווייס ניט פון קיין זאך, איהם קאכט טייער אזא פאטער, אבער וואס זאל מען טהון, אז דיא וועלט פאדערט עס? יעצט שווייגט ער, זאגאר זיינע עלטערן, קיינעם אין דער וועלט האט ער נאך ניט געזאגט, אז דאס איז ניט זיין קינד. ווען אבער עס וועט ארויס א סקאנדאל, אז אמעריקאנער שמוטציגער דיוואָרס קייס, וועט דיא גאנצע וועלט זיך אנהויבען גריבלען אין מיין פערגאנגענהייט... דאס קינד וועט ליידען פאר מיר, דער פאפא וועט האבען נייע בזיונות.. און ער האט דאך אזוי פיעל געאפּפערט אום אללעס צו פערדעקען... און וואס קען איך ערווארטען? בלייבען א גרושה אויפ'ן פאטער'ס האלז? אדער געהן זוכען א'ן אנדערן, א בעסערן? אי, ניאניע, וואו זיינען דיא בעסערע, וואו? און איז דאס שעהן פון א פרוי: פריהער האבען א געליעבטען, נאכ־

דעם האָבען אַ מאַן, נאָכדעם אויסבייטען דעם מאַן אויף אַ'ן אַנ־דערען ? אַזוי וויא ציגיינער בייטען פערד אויף אַ יריד. ניין ! ניאַניע מיר איז בעשערט צו ליידען, דולדען און שווייגען, אַזוי האָב איך פערשפּראָכען... ניאַנ'ע, עס איז אַזאַ וועלט, פאַר איין אויגענבליק פרייד מוז מען בעצאָהלען מיט אַ גאַנצען לעבען ווייטאָגען, — פאַר איין זיסע האָפפנונג — מיט אַ גאַנצען אָקעאַן טרערען (טרערען) אי, ניאַניע, איך זאָל דיך ניט האָבען, פאַר וועמען איז דער גאַנ־צער וועלט וואָלט איך געקענט אויסוויינען מיין ביטער הערץ.

(פאַלט צו צו איהר און וויינט.)

נ אַ ט אַ ש אַ : דיטיאַטקאַ, קינד מיינס, אָרעמע שעפּעלע מיינע (ביידע וויינען.)

ג ר ע ג ו אַ ר : (פון אנדער צימער) עי, עטי, נאַטאַשאַ, וואו זיינען זיי דאָרט ?

ע ט י : ניאַניע, געה אַהין געשווינד, איך וועל אַריינלויפען אין זיין צימער אויסוויינען זיך איז דער שטיל.. איך וויל ניט מען זאָל זעהן מיינע טרעהרען (אב אין גרעגוארס צימער. גרעגואר קומט.)

ג ר ע ג ו אַ ר : ביזט דאַ אַליין, נאַטאַשאַ, עטי, ניטאַ דאַ ?

נ אַ ט אַ ש אַ : ניין, קומט, מיין הערר אַהין, צו דער גאַנצער קאָמפּאַניע (ציליע לויפט אריין) ציליע, ווידער קאָנצערט ? אי, באַרעמהערציגער גאָטט (אב).

ג ר ע ג ו אַ ר : ציליע, איך וויל ניט דוא זאָלסט פאָהרען. איך וויל ניט ! דוא הערסט ?

צ י ל י ע : נאַרר, איך האָב געזאָגט, איך פאָהר ניט, זאָלען זיי זיך אפילו שטעלען אויפ'ן קאָפּ, וועל איך שוין ניט פאָהרען. קום אַהער ניכער, איך וויל אַריינהאַפּען אַ פּאָאַר קוש... אי ! ווען מיר האָבען געשפּיעלט דיא סאָנאַטע, האָב איך זיך פּלוצלונג דערמאָהנט וויא טאָלסטאָי שילדערט דעם איינדרוק פון דעם שפּיעלען אויף זיינע העלדען.. מיין הארץ האָט פּלוצלונג אָנגעהויבען פּאָכען און דיא זיסע טענער האָבען זיך צונויפגעגאָסען מיט'ן פייער פון דיינע אויגען... דוא זאָלסט עוויג שפּיעלען, וואָלט איך דיך עוויג ליעב געהאַט. (קושט איהם און בייסט)

ג ר ע ג ו א ר : אי! האסט מיר ווידער שיער ניט אבגעביסען א ליפ, זא וואהר וויא איך לעב (אומארמט זיא. עטי קומט צוריק, בלייבט שטיין איבערראשט. זיי בעמערקען זיא גיט און בלייבען געארמט.)

צ י ל י ע : איך בין ניט וויא דיא צוקראכענע ווייבעל דיינע. איך וויים, וויא אייז ארטיסט האט ליעב געליעבט צו זיין.

ג ר ע ג ו א ר : נאך ווען איך האב עטי'ן גענומען, האב איך שוין א טראכט געטהון : דיא שוועסטער וועט אויך זיין מיינע, זא וואהר וויא איך לעב... ציליע, אזוי פיעל צייט אוועק און...

צ י ל י ע : רעד ניט, דאס מאכט מיך דול, איך האב מורא.

ג ר ע ג ו א ר : דיא יוגענד געהט אוועק... וועסט נאכדעם חרטה האבען, וועט זיין צו שפעט.

ע ט י : (גאנץ רוהיג) איהר זייט גאר דא ?

ג ר ע ג ו א ר : (מאכט זיך גלייכגילטיג) יא, עטי, מיר זיינען דא... ציליע איז מיר שולדיג געווען א קוש, האב איך זיא ארויסגערו־פען... אזא שוויין! זיא האט מיך אבגענארט.. זיא בייסט זיך גאר.

ע ט י : (שמייכעלט) אבנארען און בייסען! הם!.. ציליע, נאך וואס זאלסט דוא דאס טהון ? קומט, דער פאפא איז דארט אליין. (גרעגואר און ציליע געהען פריהער, עטי נאך זיי. שוין ביי דער טהיער זאגט זיא גאנץ רוהיג) יא, ציליע, איך האב דיך עטוואס גע־וואלט פרעגען (בײדע שוועסטער בלייבען.)

צ י ל י ע : האסט מיך געוואלט פרעגען עטוואס ?

ע ט י : יא, איך האב דיך געוואלט פרעגען : דוא וועסט פאהרען מיט פאפא אהיים ?

צ י ל י ע : ניין, איך וועל ניט פאהרען.

ע ט י . דעם פאפא איז דארטען זעהר שווער צו זיין אליין.

צ י ל י ע : איך קען ניט עוויג לעבען פאר'ן פאפא, איך וויל לעבען פאר זיך אליין אויך.

ע ט י : (רוהיג) יא! פאר זיך אליין אויך. ציליע, אויב דוא ווילסט לעבען פאר זיך אליין אויך, דארפסט דוא זיך ניט זשענירען, ניט בעהאלטען זיך. האסט ליעב מיין מאן ? (ציליע, אי!) יא, האסט ליעב מיין מאן, נומיר באלד ארויסרופען אהער דעם פאפא,

גרעגואר'ן און נומיר זיך דורכריידען וויא מענשען, וויא אזוי מען זאָל אלעם ענדיגען אהן סקאַנדאַלען און אהן בזיונות.

צ י ל י ע : וואָס ? ווער האָט עס דיר געזאָגט, אז איך האָב ליעב דיין מאַן ?... גאָר ניט, א שוואָגער... אן אייגענער...

ע ט י : אויב דוא האָסט איהם ניט ליעב, איז ערגער פאַר דיר, דערוויילל מיין ניט, אז איך בין בלינד. איך האָב פריהער געזעהן און האָב געזעהן איצט... שרעק זיך ניט, איך וועל צו דיר ניט האָבען קיין מענות, נאָר זאָל ער מיר פריהער געבען א גט.. ער זאָל אפילו ליעב האָבען א פרעמדע פרוי, וואָלט איך איהם קיין מאָל ניט געשטאַנען אין וועג. ווער רעדט נאָך א שוועסטער. אַך, זאָל זיין מיט גליק. אָבער אין א'ן אָרענטליכען וועג, ניט וויא אויסגעלאַסענע מענשען...

צ י ל י ע : זיא רעדט פון אויסגעלאַסענע מענשען ! דוא האָסט געמאַגט האָבען א ליעבהאַבער ? ווענעמס קינד איז דאָס ? ער האָט מיר אללעם ערצעהלט וועגען דעם קינד ! האָסט ניט אָבגענאַרט דיא גאַנצע וועלט... הא ? יעצט פערשטייי איך, ווארום איך, און זאָגאַר דער פאַפאַ, אללע האָבען דאָס קינד ניט ליעב ?...

ע ט י : איך בעשולדיג דיך ניט, חלילה, אין דעם, אז דוא האָסט ליעב מיין קינד, — נייז איך זאָג, דוא האָסט ליעב מיין מאַן.

צ י ל י ע : דוא האָסט געמעגט, מעגען אנדערע אויך. אזא וויא דוא האָט ניט קיין רעכט צו רעדען און האָבען פרעטענזיעס...

ע ט י : ווער זאָגט דען דיר, דוא מעגסט ניט ? איך רעד ניט און האָב קיינע פרעטענזיעס... ציליע, איך וועל ניט דערלאַזען צו אזא מיאוס'ן סקאַנדאַל ! צוויי שוועסטער... ראַפאַיל פרידלענדער'סביידע טעכטער ! אויף זיין אלטען גרויען קאָפּ נייע שאַנדע און שמאַך ? ניין ! אַדער דוא פאַהרסט באלד מיט'ן פאַפאַ אהיים און אלעס איז ביי אייך געענדיגט, אַדער....

צ י ל י ע : (אויפגערעגט) נייז ! איך וועל ניט פאַהרען !

ע ט י : דאַן דאַרף ער מיך גט'ן און דיך נעהמען ! באלד, שוין דאַרף אללעס ווערען געשלאָסען ! (שרייט אין טהיר) פאַפאַ ! גרעגואר ! אהער גיים !

צ י ל י ע : וואס טהוסט דוא ? ביזט אראָפ פון זינן ?

ע ט י : מיר וועלען עס באלד ענדיגעז... ציליע, איך האב ניע איז מיין לעבען ליעב געהאט שפאס צו מאכען ! (אין טהיר) פאפא, דוא געהסט ?

צ י ל י ע : (ערשראקען) נייז, נייז ! גאטט איז מיט דיר, וואס טהוסט דוא ? נייז, נייז !..

ע ט י : אה, נייז ! דאז שווער מיר, גיב מיר דיין עהרענווארט, דיין האנד אז דוא פאהרסט אוז ביי אייך איז אלעם געענדיגט (שווייגט) ניין ? אט זיינעז זיי אלע דא. (ראפאיל, גרעגואר, נאטאשא, נאכדעם אפרים מיט ביילען, סאמואיל מיט אלבערט'ן.)

ר א פ א י ל : נו, (א קוק אויף עטי'ן) וואס איז, עטי ? הא ?

ג ר ע ג ו א ר : וואס איז דא געשעהן ? (ערשראקען, אלע פערוואונדערט)

א פ ר י ם : אייגענע שוועסטער, מסתמא, זיך אביסעל צודראפעט..

נ א ט א ש א : יא ! אייגענע שוועסטער. גאטט איז הימעל..

ר א פ א י ל : איך פרעג דאך וואס איז דא ביי אייך פארגעקומען?

ע ט י : (רוהיג) נו, ציליע ? (ציליע קעמפפט מיט זיך און גיט איהר ענדליך דיא האנד)

ג ר ע ג ו א ר : וואס איז דאס אזוינס ?

ע ט י : (מיט א שמייכעלע) הם, וואס איז דארט אזוינס ? גאר נישט. ציליע פאהרט אהיים מיט'ן פאפא.. יא ! אהיים, אהיז, אויף דער פארמע ! (ציליע פערדעקט איהר געזיכט און וויינט בייז).

(פארהאנג.)

# דריטער אקט.

(נאכט, עס ברענען לאמפען. א גרויסער זאאל ביי פרידלענדערן אויף דער פארמע, א טרעפּ מיט א קארפעט פיהרט אויפ'ן צווייטען שטאק. טהירן רעכטס און לינקס. צוויי זעהר גרויסע פענסטער דורך וועלכע מען זעהט בוימער און געביידע פערוואָרפענע מיט שנעע. פערשיעדענע אלטע און נייע מעבעל, גרויסע שטרויענע ראָקען־טשערס, א פּיאנאָ, אויף וועלכע עס ליעגט גרעגואַרס פידעל און אלבערט'ס קליינע פידעלע. ביי די וואנד גרויסע בייטשען, שטעקענעס צום פישען, שפּאנגעציינ. אין הינטער גרונד עטליכע נייע בארלאך. פיעל גרויסע קאסטענס מיט ביכער. נאטאשא זיצטביים פענסטער און קוקט וויא דער שנעע פאלט. עטי זיצט אויף דר'ערד לעבען דיא קאסטענס. שלעפּט פון זיי ביכער, בלעטערט זיי און לעגט לעבען זיך... שוין פיעל ביכער לעבען איהר.)

---

נ א ט א ש א : דאנק דיר, פאטער אין הימעל. דערלעבט קריסטמאס, ראזשדעסטווא חריסטאווא. מע זאגט, ביי אונז דארט אין דער היים וועט קריסטמאס זיין ערשט מיט צוועלף טעג שפּעטער, וואס האבען זיי קיין צייט ניט דיא אמעריקאנער? נאר זיי לויפען. איך בין ניט קיין געלערנטע און איך פערשטעה ניט, פארוואס איז אונזער ערלעזער אין אמעריקא געבוירען פריהער און אין רוסלאנד שפּעטער. אי ביי אונז דארט אין דער היים, איז היינט דער סאטשעלניק. מע עסט קאלטע קוטיא מיט פלאמען קיסעל... דיא גלאקען קלינגען און שאללען, ליעדער טראגען זיך פון איין דארף צום אנדערן... יונגע פּאַרלאך פאהרען אום אין שליטענס מיט פרייליכע געשרייען און פיהרען וועטשערע צו זייערע עלטערן. גאנצע פּארטייען גייען פון שטוב צו שטוב און זינגען קאליאדקעס (זינגט) „סיאלא זוויעזדא נא וואסטאקע אי שלי טרי וואלחוואיי... פארגעסען.

פאטער אין הימעל, פארן שניי דאנק איך דיר... עס דערמאנט די פערגאנגענהייט, דיא היימאטה, און דאס הארץ טהוט וועה און עס איז גוט... עס קען זיין, אז דיא זעלבע שניייעלע איז פאראיאהרען געלעגען אויף אונזערע סטעפעס דארט... ווייט... און היינט פאלט זיא פון הימעל דא... (קוקט זיך אום) זעה נאר ווי זי האט זיך פער־טיעפט... קינד, וואס זוכסט דו דארטען?

ע ט י : אה, ניאניע, דיעזע ביכער דערמאהנען מיר די אמאליגע גליקליכע יאהרען, ווען איך בין געווען זארגלאז, ווען איך בין אין דיא לאנגע ווינטער־נעכט געזעסען און געלעזען און געטרוימט. פערגאנגען. (א פארט) עס קען זיין אז דיא גאנצע צייט איז דאס בוך געלעגען ניט געעפענט... און דער בריעף מיט'ן בילד זיינען גאנץ.

נ א ט א ש א : (זעצט זיך לעבען איהר) שוין באלד פינף יאהר, אז מיר זיינען דא און דיא ביכער זיינען נאך ניט אויסגעפאקט... נויטיג געדארפט שלעפען (גלעט איהר דיא האאר) עטי, נו, און וויא אזוי איז איצט דיינער צו דיר?

ע ט י : וויא שטענדיג, צוויי טאג פערליעבט, צוויי וואכען צו־קריעגט, ניאניע, איך בין שוין צוגעוואוינט געווארען צו אזא לעבען און צו איהם אויך... ע ! פון טויזענד פערהייראטע, וויא איך זעה, לעבען 990 אזוי וויא איך... איך האב זיך אונטערגענומען צו דולדען... ניאניע, וואו זיינען דיא גליקליכע?

נ א ט א ש א : עטי, ווען דוא זאלסט האבען קינדער, וואלט דיין לעבען ניט געווען אזוי דונקעל.

ע ט י : יא, מיין פאמיליען לעבען וואלט ניט געווען אזוי זינלאז... ער וויל אבער ניט קיין קינדער.

נ א ט א ש א : וואס הייסט, ער וויל ניט? גאטט האט בעשאפען יעדע פרוי מוטער צו זיין.

ע ט י : און פאר אלבערט'ן וואלט געווען נאך שווערער דאס לעבען, ווען עס וואלט געווען נאך קינדער... ניאניע, וואו איז אל־בערט?

נ א נ י ע : מיט סאמואיל'ן געגאנגען גליטשען זיך אויפ'ן טייך. דער פאפא מיט ציליען זיינען געפאהרען קיין הארטפארד איינ־

קויפען פערשיעדענע זאכען. אזוי פיעל געסט און דער פאפא, דוא ווייסט דאך, האט ליעב טראקטירען בריינט, פא רוססקי... פאר א יאהרען זיינען געקומען צו אונז דיא אמעריקאנער מוזשיקעס מיט מוזיקאנטען... נו, האט זיך דא אבגעטהון... עטי, וואס איז דיין שווער און שוויעגער געקומען, אויך נאר צו גאסט?

ע ט י: (זוכט) אפשר נאר צו גאסט און אפשר וואס בעטען ביים פאפא...

נ א ט א ש א: און דיינער שלאפט פון נאך מיטאג אן?... איז דער קאונטרי קומען זיי שלאפען און אין שטאדט עסען זיי ברויט אומזיסט. אי! גאטט, וויפיעל דארמאיעדעס דוא האסט אין דיין גרויסער וועלט. (חוה אויסגעפוצט, נאך איהר אפרים און ביילע.)

ח ו ה: קומט, איך וועל אייך ווייזען אלע צימערן... אט דיא שטאל רופט זיך ביי זיי זאאל... אי, דיא אמעריקאנער האבען דען שכל צו לעבען?

ע ט י: דוא זאלסט זעהען וויא זיי לעבען, וואלסט דוא איין אנדער מיינונג געהאט.

ח ו ה: אט דאס איז דאך, מע זיצט דא אין דער מדבר און מע זעהט גאר ניט. אין נויארק איז דא אלץ דינג, אפערע, קאנצערטען, רוססישע באללען... אי! איך געה דא אוים וויא א וואקס.

ב י י ל ע: וואס רעדט איהר, מחותנתטע? איהר בליהט דאך וויא א יונגער ווינשעל בוים...

א פ ר י ם: הלואי אויף אלע אידען געזאגט געווארען, קיין עין הרע, וויא א גוטער קאנטראבאס.

ע ט י: מאמא, מיר האבען אין קרעמענטשוג אויך ניט געהאט קיין אפערא און דוא ביזט הארט, חלילה, ניט אויסגעגאנגען וויא א וואקס.

א פ ר י ם: אי, עט; וואס גלייכסט דוא? א קלייניגקייט קרעמענטשוג? א כרך! וויעפיעל יודען קיין ע"ה, דיא קאהר־שול, גור אריה'ס קאזארמעס: פס! היינט למשל דארט חנוכה־צייט,

לאטקעס, משקה, א קערטיל, גענזינע גריוועז. דארטען לעבט מען...
אי, אי!

ח ו ה: און דא לעבט מען וויא אין א וואלד... איהם הארט עפּיס פאר אז אנדערן?...

ע ט י: אה, ווען איהם זאל ניט הארען פאר אז אנדערן!... ער וואלט געווען גליקליכער...

ח ו ה: איך וויים, איך זעה אנדערע מענשען ניט רייך, אבער עס איז זיי גוט... מע לאכט, „א כליזמר, א כליזמר,“ אויך ניט קיין יונגער מאן און פולל מיט לעבען, לאכט ‏רעדט, געהט ניט אנגע־בלאזען טאג און נאכט...

א פ ר י ם: א יא? און ביי ביילען בין איך גארנישט... א, איהר זאלט מיך קענען אמאל, געוועזען א מזיק!

ח ו ה: דער רוח נעמט אייך נאך איצט אויך ניט... איהר שפּיעלט בעסער פון גרעגוארן.

ע ט י: אזא מבין ביזט דוא? פערשטייט איך שוין, ווארום דוא קענסט ניט לעבען אהן אפערעס מיט קאנצערטען.

א פ ר י ם: זיא נעמט זיך אן! יונגע לייט האבען זיך ליעב אנ־צונעמען איינער פאר׳ן אנדערן.

ב י י ל ע: איך וויים, דיא ווייבער גלייכען זעהר דיא כליזמר, חזנים, אללע קונצענמאכער... אי, ווען מע קען זיי גוט... חזיר׳שע קישקעס... וואס איז דאס פאר מענשען, אז דער עיקר פעהלט זיי?

א פ ר י ם: אונז פעהלט דער עיקר? ע, ביילע, זאג ניט קיין ליגען... דיא נשמה פון א גוטען כליזמר, איז וויא א פידעלע, מע דארף זיא נאר ריכטיג אנסטראיען.

ח ו ה: מיר זיינען דא אייגענע מענשען, איך מעג אייך זאגען, איך וועל ניט זיצען דא אין דארף מיט איהם... געגוג אנגעלי־טען זיך פון איהם דארט אין ראססיע... וויים איך, דארטען מע האט געמיינט, ער איז ראפאיל פרידלענדער, ראפאיל פרידלענדער! דא זעהט מען זיין בריהשקייט. שיינע געשעפטען מאכט ער דא...

ע ט י: מאמא, מיר דאכט זיך, עס וועט זיין גלייכער אז דוא וועסט ניט רעדען קיין סך.

ח י ה: (בייז) נו, יא, איך זאל שכל האבען און זיין פריהער בעקאנט מיט אפיצירען, וואלט איך איצט אויך געווען א סטאטיק און געשוויעגען. דאנקען גאטט, איך האב זיך ניט מיט וואס צו שעהמען, איך מעג רעדען! קום, מחותנת'טע! קומט מחותן... אהער גייען דיא בעדרומס, און דארט, איהר זעהט? דיא „לאיבערי" רום, מיר האלטען דארטען סוויט פאטייטאס. (זיא און ביילע אב.)

א פ ר ים: עטי, זיא שטורכעט זיך? ביי מיר איז דאס געגליכען צו א מוזיקאלישע זאך... וואס דארף איך זוכען חסרונות אין דער אינטראדוקציע, אז דיא קאמפאזיציע אליין איז גוט? עט! (אב)

ע ט י: (צו נאטאשא'ן, וועלכע האט דיא גאנצע צייט געווישט דיא גלעזער) אז מענשען וויסען דאס דוא האסט א וואונד, שלאגען זיי דיך ניט אויף א געזונטען פלאץ... ניין! יעדער ציעלט נאר אין וואונד אריין און וואס שטארקער, וואס גרויזאמער (שלעפט ארויס א בוך. — שטיל) מיין גאט דאס איז דער עלפטער באנד! (בעהערשט זיך) איך וועל עס זעהען שפעטער. (לעגט דעם בוך אוועק און נעהמט אנדערע ביכער. שטיל.) ווער האט דאס געקענט איבערבינדען דאס בוך מיט א ווייסען פאדעם?

נ א ט א ש א: (אפארט) זיא האט געפונען (לויט) עטי, דאמאלס, ווען דיינער איז געקומען צום ערשטען מאל, עס איז געווארען א סומאטאכע... ציליע האט א ווארף געטהון דעם בוך... איך האב דערזעהען האב בעהאלטען... איך האב געטראכט, אפשר וועסט דוא אמאל וועלען זעהן. ע, קינד, איך געה באלד אריין, איך דארף א ריינעם האנטוך. (אב)

ע ט י: (שטייט אויף) אה, טייערע ניאניע! (געהט לאנגזאם צום טיש, זעצט זיך) קיינער האט דעם בוך ניט געעפענט זייט דאן... איך פיהל, דער בריעף און דאס בילד זיינען דא. (עפענט דאס בוך) זייז בריעף! צוזאמען מיט דיעזע לעצטע ווערטער האט ער אויסגעהויכט זיין לעבען... (נעהמט פון איין אלטען קאנווערט א בריעף) אי, איך וועל איבערלעבען נאך אמאל דיא גאנצע שרעקליכע דרא-

מע און דאן פערניכטעט, צורייסען אללעס, פערגעסען... (קוקט אויפ'ן בריעף) דיא טרערען זיינען אויסגעטרוקענט און נאר דיא פלעקען געבליעבען. דיעזע פלעקען וועלען בלייבען אויף עוויג (קוקט זיך אום און לעזט) „מיין טהייערע עטי, ווען דוא וועסט לעזען דיעזע מיינע ווערטער, וועל איך שוין ניט לעבען מעהר — איך האב ניט קיין אנדער אויסגאנג. צווישען דיר און מיר געפינט זיך א וואנד, וועלכע מענשען האבען מיט אייפער געבויט טויזענדער יאהרען לאנג. אי! וויעפיעל לעבענס האבען זיך אן דיעזער וואנד צובראכען, וויעפיעל גליק צושטערט, וויעפיעל טרערען און בלוט זיינען פער־גאסען געווארען לעבען דיזער וואנד פון ברודער־פיינדשאפט און מענשענ־האס! איך בין צו שוואך, איך זאל קענען דיזע פעסטונג דורכברעכען, זאנאר אום, אם ווייניגסטען, צו מיין אייגענעם גליק זיך וועג מאכען און... איך מוז שטארבען. (פויזע) מיך פרייט, וואס דוא, עטי, ביזט שטארקער פון מיר... דוא דארפסט, דוא מוזט לעבען און, איך וויים, דוא וועסט פיעל מוזען ליידען... איך נעם יעצט מיין רעוואלווער און מיין לעצטעס ווארט איז: לעבע וואהל, מיין עטי, לעבע וואהל! איך האב ניט געקענט זיין דיינער אינ'ם לעבען, בין איך דיינער אינ'ם טויט" (ווייגט איין אויגענבליק. בער־הערשט זיך.) און דאס איז זיין בילד... אי, וויא גערן וואלט איך יעצט דיעזע טויטע אויגען געקושט (בעטראכט עס) אבער דאס דארף איך ניט טהון... דאס וועט ניט זיין עהרליך. דאס וואס מע קען ניט טהון אפפען, דארף מען זיך ניט ערלויבען אין געהיים. איך געהער יעצט צו אן אנדערן, וועלכען איך האב געשווארען טריי זיין. ע! גנב'נען ביי איהם, ביי מיסטער גרעגואר פידלער א קוש פאר דעם טויטען? ניין! (בעטראכט דאס בילד, גרעגואר קומט פון דיא טרעפ, פערקעמט, ערשט אבגעוואשען. בעמערקט, וויא זיא בעטראכט עטוואס און גנב'עט זיך צו).

ג ר ע ג ו א ר: זעהסט, איך וויל טיי און זיא זיצט גאר דא...
עי! וואס איז דאס ביי דיר?

ע ט י: (זעהר ערשראקען) אה! זעה נאר!

ג ר ע ג ו א ר: דעם ערשטען מאל זעה איך, דוא זאלסט זיך ער־

שרעקען. דאָס איז ניט אומזיסט, זאָ וואָהר איך לעב. וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף מיט אַ בילד, האַ? מיר האָט דאָס הערץ שטענדיג געזאָגט, אַזעלכע פרויען וויא דוא, טאָהר מען ניט גלויבען... וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָררעספּאָנדענציע?

ע ט י: (שוין רוהיג) עס איז אַ בריעף און אַ בילד געשיקט צו מיר (לעגט עס אריין אין בוך און מאַכט דעם בוך צו.)

ג ר ע ג ו אַ ר: אַזוי? צו דיר? וויא באַלד אַז צו דיר, דאַרף איך עס פריהער זעהען. (וויל ארויס רייסען דעם בוך.)

ע ט י: דיעזער בריעף איז געלעגען העכער אַכט יאָהר אין דעם בוך, איך האָב עס ערשט געפונען... געשריעבען פון אַ מענ־שען, וואָס איז שוין לאַנג טויט.

ג ר ע ג ו אַ ר: אַה, פון דיינעם? פון דעם געפּגר'טען מנובל! פון דעם געמיינעם שורקע! גיב עס אהער! (רייסט ארויס דעם בוך, קוקט אויפ'ן בילד) אַ מאָרדע פון אַ ניעדערטרעכטיגען לומפּ!

ע ט י: איך וויים, דוא שימפּפסט איהם, ווייל דוא ווילסט מיך קרענקען... מיך האַרט ניט.

ג ר ע ג ו אַ ר: איך וויים, ביזט אַזאַ פרוי, וואָס דיך האַרט שוין גאָר ניט... נו, און דאָס וועט דיך אויך ניט האַרען, האַ? (רייסט דאָס בילד אויף שטיקלאַך).

ע ט י: דאָס וועט מיך אויך ניט האַרען — איך האָב עס אַליין גע־וואָלט פערניכטען...

ג ר ע ג ו אַ ר: זיא האָט עס געוואָלט פערניכטען! געפונען וועמען צו נאַררען... אַזאַ פרוי וויא דוא, האָט געדאַרפט מעהר שכל האָבען צו זאָגען ליעגען... און דאָס איז זיין סאַלדאַטסקי שריי־בעכץ (וויל ארויסנעהמען דעם בריעף פון קאָנווערט).

ע ט י: גרעגואַר, דאָס איז געשריעבען צו מיר און דוא דאַרפסט עס ניט לעזען... ניע האָב איך מיר ערלויבט דיינע בריעף צו עפּענען.

ג ר ע ג ו אַ ר: אַזוי? צו דיר? דוא אָבער מיט אַלע דיינע בריעף, סעקרעטען, סודות, אַלעס געהער מיר. מיינע בריעף האָסט דוא קיין רעכט צו עפּפענען... איך אָבער... איך בין דיין מאַן!

איין עהרליכע פרוי קען קיינע געהיימניסע האבען פון איהר מאן.
(וויל עפענען דעם בריעף).

ע ט י: איך וואלט דיך געקענט פרעגען, דארף איין עהרליכער מאן האבען געהיימניסע פון זיין פרוי? אבער וואצו רעדען? איך זאג דיר נאר, דיעזען בריעף וועסט דוא ניט לעזען... מעגסט מיר גלויבען, אדער ניט, איך זאג דיר, דא איז נימא קיינע סעקרעטען... איך פערבארג און פערלייקען קיין זאך ניט... דער וואס האט דעם בריעף געשריעבען, לעבט ניט מעהר. ווען ער האט עס געשריעבען, איז ער געווען ווייט פון אונזער שמוציגע וועלט — און לעזען דעם בריעף מיט שלעכטע, אונרייני געדאנקען וועל איך ניט ערלויבען! דעם בריעף, גרעגואר, וועסט דוא ניט לעזען, דאס זאג איך דיר!...
(שטרענג) דעם בריעף גיב אהער מיר!

(דערשרעקט זיך און גיט אב דעם בריעף).

ג ר ע ג ו א ר: חי! חי! אז דוא ווערסט פלוצלונג אזא שטארקע, הויבט עס מיך אן קיצלען צום לאכען. חי! חי! חי! זא וואהר איך לעב.

ע ט י: (רייבט אן לאנגזאם א שוועבעל און פערברענט דעם בריעף) דעם בריעף וועט שוין מעהר קיינער ניט לעזען.

ג ר ע ג ו א ר: זעהסט! וועל איך דאך טאקי קיינמאל ניט וויסען, וואס דארטען איז געשטאנען? (ווערט ווידער בייז) אונפערשעהמטע פרוי, בוהלערין! אפיצירסקי מאדאם! (זיא קוקט אויף איהם גלייכגילטיג, נאטאשא קומט).

נ א ט א ש א: דער יונגער הערר וויל געווים א גלאז טיי?

ג ר ע ג ו א ר: (שרייט) איך דארף ניט אייער טיי! (צו עטי'ן) ביים טאטען אין דער היים ביזט דוא א גאנצער העלד... איך בלייב דא ניט מעהר! איך פאהר שוין אהיים (קוקט אויפ'ן זייגער) מיר קענען נאך פאהרען מיט'ן לעצטען טריין נאך נויארק...

נ א ט א ש א: גריגארי אפרימאוויץ, דאס וועט זעהר קרענקען דעם אלטען הערר.

ג ר ע ג ו א ר: מיך קימערט זעהר ווייניג דער אלטער הערר! געה זאג מען זאל מיר שפאנען פערד.

ע ט י: (מיט א שמייכעלע) גרעגואר, דארף איך אויך פאהרען?

ג ר ע ג ו א ר: א שעהנע פראגע, זא וואהר איך לעב. אז איך וועל פאהרען, ווילסט דוא בלייבען דא? אויב דוא ווילסט דא בלייבען, דארפסט דוא אין גאנצען ניט קומען מעהר.

ע ט י: (מיט א שמייכעלע) איך האב געמיינט, דוא ווילסט מיך ניט מיטנעהמען... אז דוא ווילסט איך זאל פאהרען — פאהר איך. מיר וועלען אבער ניט האבען קיין צייט צוריק אלע זאכען איינ־פאקען.

ג ר ע ג ו א ר: זיי וועלען אפשיקען דיא זאכען. געה טהו זיך אן באלד און ברענג מיר מיין פעלץ מיט מיין היטעל... דארט ביי אונז אין צימער...

ע ט י: באלד... ניאניע, זיי אזוי גוט, רוף מיר אלבערט'ן.

נ א ט א ש א: עטי, דאס וועט דעם אלטען זעהר קרענקען, בעט איהם ער זאל בלייבען.

ע ט י: געה רוף אלבערט'ן (נאטאשא אב. אפארט) זיא מיינט, ער פאהרט שוין טאקי (געהט מיט דיא טרעפ ארויף) הם! ווען יעדע פרוי זאל גוט קענען און פערשטעהען איהר מאן, וואלט זיא וועניגער געוויינט און מעהר געלאכט... אבער דאס לאכען, איך האב מורא, איז נאך ביטערער פון'ם וויינען. (אב)

ג ר ע ג ו א ר: עהע! אז איך זאג פאהרען, פאהרט מען! ביי מיר טענה'עט מען ניט... מע דארף וויסען וויא אזוי מיט זיי צו האנדלען און צייגען חאראקטער. הם! אבוואהל יעצט פלוצלונג אוועקפאהרען?... עס איז ניט שעהן, זא וואהר איך לעב, ניט שעהן... דער אלטער וועט בייז ווערען און ציליע... זיא האט געזאגט זיא דארף מיר עטוואס זעהר וויכטיגעס מיטטהיילען... (בייז) פאר וואס האט זיא מיך ניט געבעטען, איך זאל ניט פאהרען? זיא האט מיך געדארפט בעטען, איך זאל בלייבען! איך פערשטעה, זיא האט אומיסטען ניט געבעטען, מע זאל מיך רעכענען פאר א משוגענעם, פאר א שלעכטען. (גלעקלאך. מע זעהט דורך דיא פענסטער א שליטען פאהרט צו) אי, זא וואהר איך לעב, דער אלטער איז געקומען צו־פאהרען... אבער יעצט איז שוין שפעט... זיא קען מיינען, איך האב זיך איבערגעשראקען (געהט אום אויפגערעגט. ראפאיל און ציליע

קומען אין ווינטערקליידער, פערשנייט, נאָך זיי איין ארבייטער. אלע טראָגען פיעל פעקלאך, באַנדלעך. ראפאיל גיט דעם קוטשער געלד. ער נייגט זיך און זאָגט: דזשענקויע פאַנע. אין דערזעלבער צייט געהט עטי לאנגזאם מיט דיא טרעפ, אָנגעטהון, טראָגט גרעגואר'ס פעלץ און היטעל.)

ר א פ א י ל: (צום ארבייטער) שאבעלסקי, פארגעסט ניט איינדער־קען דיא פערד (צונעמט דיא פעקלאך, לעגט אויפ'ן טיש.)

צ י ל י ע: (צו גרעגואר'ן) עי, מיסטער, וואס שטעהסט דוא, וויא א לוימענער גולם? העלף מיר אויסטהון זיך. (גרעגואר טהוט עס.)

ר א פ א י ל: (בעשעפטיגט צו גרעגואר'ן) ברודער, האָב איך גע־קראָגען א פלאש ראָם! חע! חע! מיר ווילען היינט מאכען א רוסישען פונש... און דער שניי, הא? א פערגעניגען... אז מען פערמאכט דיא אויגען, מיינט מען, עס איז ראָססיע... דער אונגליק איז, מע קען ניט שטענדיג האלטען דיא אויגען צוגעמאכט (לעגט דיא פעקלאך) ניס... מאנדלען... וואס איז דאס? אה! אפעלסינען!
(עטי קומט אָנגעטהון, ברענגט גרעגואר'ס קליידער.)

ע ט י: נו, גרעגואר, טהו זיך אן, ווילען מיר קענען פאהרען מיט'ן זעלבען שליטעל...

ר א פ א י ל: (הויבט אויף דעם קאָפ) וואוהין איז דאס?

ג ר ע ג ו א ר: פאפא, איך דארף זא וואהר איך לעב, איך מוז...

ע ט י: (מיט א שמייכעלע) יא, פאפא, מיר ווילען פאהרען יעצט...

ר א פ א י ל: וואוהין פאהרען, ווער זאָגט עס פאהרען?

צ י ל י ע: דאס איז שוין עטיס אויפטועכץ. איך זעה שוין!

ע ט י: (מיט א שמייכעלע) אז גרעגואר זאָגט מע מוז פאהרען...

ע, (קוקט אויף איהם) פערשטעה איך ניט, ווארום זאלען מיר זיך טאקי ניט דורכפאהרען? אזוי פיעל שניי... א שליטען... ווען קענען מיר אין נויארק האבען אזא פערגניגען?

ר א פ א י ל: אה! איהר האט זיך געוואלט אביסעל קאטאיען? ניט היינט, קינדער, מארגען וועל איך הייסען שפאנען א טראיקע און מיר ווילען עס מאכען אזוי פא רוססקי... טשארט וואזמי!... היינט אבער ניט פון פלעק... היינט פערברייננען מיר דא אללע

---

צוזאמען... וואס האט מען דאס צוקוועטשט? נו, חאפט עס דער רוח! (שמייסט איין באנדעל פארט.)

ג ר ע ג ו א ר : זאל זיין מארגען, עטי, דער פאפא איז גערעכט. גיב איך וועל דיר העלפען זיך אויסטהון (טהוט זיא אויס און קושט איהר בגנבה דיא הענד, ציליע קוקט אויף זיי זעהר בייז.)

ע ט י : אז מארגען, מעג איך דאך דאס אלעס טראגען צוריק, א יא? (נעהמט אללע זאכען, געהט צוריק.)

ג ר ע ג ו א ר : יא, עטי, מעגסט עס טראגען צוריק. (חאפט זיא שוין ביי דיא טרעפ און קושט זיא, דער אלטער זאל ניט זעהן. עטי אב.)

צ י ל י ע : (צו גרעגוארן) אידיאט! מיינסט עס איז מיר א פערגע־ניגען צו זעהן אייערע צערטליכקייטען?

ג ר ע ג ו א ר : אז איך האב דיך געקענט פערגלייכען צו עטי'ן בין איך טאקי אן אידיאט, זא וואהר איך לעב... פאפא, איהר וועט רויכערן א גוטען סיגאר! איך ברענג שוין א פאאר סיגארען (אב נאך עטי'ן).

צ י ל י ע : איך וועל הערען, וואס דוא וועסט זאגען מיט א מינוט שפעטער (חוה און נאטאשא קומען. נאטאשא קוקט איבער דיא באנדלאך) מאמא, דוא אינטערעסירסט זיך גאר ניט, וואס מיר האבען איינגעהאנדעלט?

ח ו ה : איך ווייס שוין וויא ער האנדעלט... נויטהיגע זאכען אלץ...

ר א פ א י ל : ניט נויטיגע זאכען? האסט א טעות, איך האב דיר געקויפט לאקירטע טופליעס צו טאנצען אינ'ם שניי... שוועדישע האנדשוהען, צו קלייבען קארטאפליעס און א אפערן מאנטעל צו מעל־קען דיא בהמות. נאטאשא, העלף מיר זיך אויסטהאן (נאטאשא של'עפט פון איהם דעם פעלץ).

ח ו ה : נו, יא, פאר וואס ניט? האסט דאך איצט א סך געלד, מאכסט דאך גליקליכע געשעפטען אין אמעריקא!

נ א ט א ש א : (שטיל) יעווא אראנאוונא, זאל באטש היינט זיין אין שטוב פריעדען און ליעבע...

ר א פ א י ל : מאדאם פרידלענדער, זייט אזוי גוט, הענגט אויף מיין פעלץ (זיא טהוט עס) נאטאשא, איך האב דיר געקויפט א

קריסטמאס פרעזענט (שלעפט ארויס פון דער טאשע) זעהסט, א גאָלדענע קרעסט.

ח ו ה: איהר זעהט, וואס ער האנדעלט?

ר א פ א י ל: דוא דארפסט עס ניט, האב איך דיר עס ניט גע־קויפט... איך דארף עס אויך ניט, וועל איך פאר מיר דאס ניט קויפען... נאטאשא אבער מיינט, זיא דארף עס... עס וועט זיא פרייען, האב איך איהר געקויפט... עס קאסט ניט קיין מיליאן—איז גאנצע צעהן דאלאר.

נ אַ ט אַ ש אַ: גוטער הערר, גאט וועט אייך בעלאהנען... מיר האבען אַללע איין פאטער אין הימעל. (קושט דעם קרייץ.)

ר א פ א י ל: דיר געפעלען ניט דיא אמעריקאנער קאלאשען, האב איך דיר אויסגעשריעבען פון רוסלאנד, טיעפע, דאמסקי קאַ־לאשען... אנגעקומען מיט דער פאטשט.. נא! (ווארפט צו איהר א באַנדעל.)

ח ו ה: רוסישע קאלאשען? דאס איז דוקא גוט... אין דיא אמע־ריקאנער קאלאשען קריעג איך באלד דעם קאטער... אז מע דארף דאָ אומגעהען אין שניי און אין בלאטע... קיין טראטואַרען ניטאַ...

ראפאיל: (בייז) איך וועל הייסען דאַ אויף דער פארמע מאכען דיר טראָטואַרען.... נאטאשא, געדענקסט, וויא מען מאכט ווארעניכע?

נ אַ ט אַ ש אַ: איך געדענק ניט, ראפאיל מאיסעיעוויטש...

ר א פ א י ל: אנשטאט אנצוגיסען דעם סאמאָוואר מיט וואסער, וועסט דוא איהם אנגיסען מיט רויטען וויין... און עס קאכט זיך... מע ווארפט אריין לאקריצע, נעגעלאך, באקסער סאלץ... אט דאָ איז דאס אין דיא פעקלאך...

ח ו ה: אַ נויטיגע זאך, ווארעניכע!

ר א פ א י ל: עס איז ניט נויטיג, הא? קום, ניאניע, איך וועל דיך לערנען, וויא מע מאכט ווארענוכע... (ער און נאטאשא אב.)

צ י ל י ע: נאר דוא טשעפעסט זיך צו איהם, וואס ביזט דוא אזוי אונצופריעדען?

חוה: אי, מען דארף זיין שטארקער פון אייזען פון איהם אויס־
צוהאלטען (א געראיש) אט גייען אונזערע זיסע קינדער... אי!
(מאכט א זויערע גרימאסע. סאמואיל מיט אלבערט׳ן קומען פערשנייט,
פרייליכע, צופלאמטע.)

סאמואיל: זעץ דיך דא, וועל איך אראבנעמען דיינע סקייטס.
אללעס איז נאס... חא! חא! אנגעגליטשט זיך הא? אפשר
27,000 מאל געפאלען...

אלבערט: (פרייליך) אנקעל, איך בין נאר צוויי מאל געפאלען,
אט אזוי, אויף אללע פיער (ביידע לאכען.)

סאמואיל: דער שניי זאל ניט זיין, אז איך גיב זיך א
גליטש, פליה איך 2½ מייל, ווי איך בין א יוד. ביי אונז איז
קרעמענטשוג אז דער דנעפער פלעגט פערפרוירען ווערען, בין איך
געווען דער ערשטער גליטשער... איך האב זיך אמאל געוואטען אז
איך קען זיך גליטשען פון קרעמענטשוג ביז קאטערינאסלאוו, וויא
איך בין א יוד. זעה נאר, וויא זיינע בעקלאך האבען זיך צופלאמט,
מאמא, איז ער ניט א שיינער יונגאטש? (קושט איהם געשמאק אין
דיא באקען.)

חוה: אי, דול ניט דעם קאפ, נאר דיין שיינער יונגאטש ליעגט
מיר אין זינן.

ציליע: זעה נאר וויא ער לעקט איהם. האסט איהם ליעב, הא?
פערד, דוא זאלסט וויסען, ווערענס זון ער איז, וואלסט דוא
ניט געקוואלען אזוי... הא! הא! (אלבערט הערט זיך צו.)

סאמואיל: א נייעס! וואס הייסט, ווערענס זוהן ער איז?
ביזט משוגע? (עטי קומט פון דיא טרעפ.)

ציליע: ביי קיינעם איז דאס קיין נייעס ניט, נור ביי דיר...
דוא האסט זיך נאך ניט אנגעשטויסען, אז ער איז דעם אפיציר
בעלואסאווס זוהן?

סאמואיל: בעלואסאוו׳ס זוהן?

ציליע: דוא גיב נאר אטראכט מיט דיין קלוגען קאפ, וועסט
דוא פערשטיין דיא גאנצע געשיכטע... חכם!

סאמואיל: הא? אזוי גאר? אה, איצט פערשטיי איך. (לאזט

אראפּ אלבערט׳ן פון דיא הענד) אזוי? (קוקט אויף אלבערט׳ן) ווייס איך, וואס הארט מיך? א קינד איז א קינד. (נעמט צוריק אויף דיא קניע אלבערט׳ן, עטי קומט.)

ח ו ה: (בעמערקט זיא) ציליע! (ווינקט) האסט ניט פערגעסען מיר קויפען הערפּינס?

ע ט י: (רוהיג) ציליע, קום אהער (בייגט זיך אן צו דיא באנדלעך) איהר האט געקויפט קארטען? וואו זיינען דא דיא קארטען? (ציליע גייט צו און העלפט איהר זוכען) (שטיל) וואס האסט דוא דאס געטהון?

צ י ל י ע: וואס מיינסט דוא?

ע ט י: וואס האסט דוא דאס געטהון? פאר וואס ווילסט דוא דעם קינד פערגיפטען זיין לעבען? וואס האסט דוא צום קינד?

צ י ל י ע: צום קינד האב איך גאר ניט.

ע ט י: וואס פאר א רעדע האלסט דוא דאס אין זיין גענענווארט?

צ י ל י ע: וואס מיינסט דוא עס איז א סוד? אלע ווייסען שוין...

ע ט י: יא, עס איז געווען גענוג דוא זאלסט וויכען ווייסען שוין אללע.

צ י ל י ע: ווילסט ויסען ווארום איך דערצעהל אללעמען? חע! חע! איך וויל מע זאל אללעס פון דיר ויסען, ווייל טאמער וועט זיך מיט מיר טרעפען אזא געשיכטע, זאל מען מיך ניט רע־כענען ערגער פון דיך, חא! חא! מיט דיר האט זיך געקענט טרע־פען, קען זיך דאך מיט אן אנדערן אויך טרעפען... איך בין אויך ניט מעהר וויא א לעבעדיגער מענש... חא! חא! חא!

ע ט י: ציליע, דיין לאכען איז נאך שענדליכער פון דיין רערען!

צ י ל י ע: מאך מיר ניט קיין גוגו אויגען, וועסט מיך נאך אמאל ניט דערשרעקען!

ע ט י: (שטיל, אבער זעהר ענערגיש) ציליע, איך האב מורא, עס וועט קומען א צייט, ווען איך וועל דיך דערשרעקען, דאן... וועה וועט זיין פאר אונזביידען! זעה, וועסט חרטה האבען! געה, דער פאפא קומט (ציליע געהט שטיל צו דער מוטער. עטי קוקט אויף

אלבערט'ן) ניין, דאס קינד האט גארנישט ניט פערשטאנען...
(ראפאיל קומט.)

ראפאיל: אהער! חא! חא! חא! עטי, וואס לאזטו דיין שווער און שוויגער דארטען אליין שפּיעלען זיך אין קאמער, קאמער הויז. (אפרים אוןביילע קומען) דא וועלען מיר זיצען אללע. ציליע, זאל מען אונז געבען טיי אהער (ציליע אב, באלד צוריק) סאמואיל, עפּפען, דארט שטייט א פלאש ראם (סאמואיל טהוט עס) זיצט! נו, מחותן, וויא געהט עס? איך וועל זיך וועטטען, איהר דארפט איצט א פינף־און־צוואנציגער אויסצוקויפען זיך צוריק פון דער יוניאן, הא?

ביילע: אי, מחותן, וואס רעדט איהר? ער איז דאך איצט פערקאכט אין זיין יוניאן... מע הערט פון איהם נאר סקעב, קאנסטיפּושען, ארגאניזוישען, שמארגאניזוישען. און אז א נייער נעמבער וויל אריין צו זיי, בריקעט ער זיך מעהר פון אללע (נאטאשא און א יונגע דיענסט ברייננגען טיי, ראפאיל גיסט ראם אין דיא גלעזער).

ראפאיל: אזוי? ער בריקעט זיך מעהר פון אללע? עטי, דוא וועסט עס גלויבען?

אפרים: יא! ווארום, אויב מיר, אלס ארגאניזירטע ארגאניזוישענס וועלען ניט זעהן, וויא וועדליג דער טרייד „אוניזמוס“ און נאך דיא רולס נאך, וועלען דאך טאקי... נאר איהר, מחותן, וועט עס ניט פערשטיין, איהר זייט דאך א קאפּיטאליסט... ניין, איך האב צו אייך איין אנדער ביזנעס: איך וויל עפּפענען אויף הויסטאן סטריט א קאנסערוואטאריע אף מוזיק, אזוי טאקע פיין... עס זאל זיך רופען דהע קרעמענטשוג קאנסערוואטאריע אף מוזיק אף נויארק... הם... אט געהט גרעגואר, איהם שמעקט ניט דער פּלאן... שפּעטער. (גרעגואר קומט מיט דיא טרעפּ, רויכערט.)

גרעגואר: פּאפּא, א גוטען סיגאר (גיט איהם א סיגאר, אפרים שטרעקט אויך אויס דיא האנד) וואס דארפסט דוא א סיגאר? איבערפיהרען? (גיט ניט).

ראפאיל: איך וויל ניט, דוא רויכערסט צו שוואכע סיגארען... איך וועל בעסער פעררויכערן איין פּייפּקע... מחותן, אפשר

וועט עס אייך שמעקען (גיט איהם דיא סיגארע. פעררוויכערט א פייפ)
חברה, מיר האבען דא דיא גאנצע קאפעליע, טאמער וואלט מען
אונז א ביסעל געגעבען קאנצערט... א נו ציליע מיט גרעגואר'ז.

צ י ל י ע: היינט, וויא עס זעהט אויס, וועל איך מיט איהם קיין
דועט ניט שפיעלען.

ג ר ע ג ו א ר: פאפא, איהר האט שוין אונזערע קאנצערטען גע־
הערט גענוג... אט זאל אלבערט שפיעלען... ער האט טא־
לאנט... עטי, זאל אלבערט שפיעלען? (דיא גאנצע צייט פערליעבט
אין עטי'ן.)

א ל ב ע ר ט: (מע הערט וויא ער פרעגט סאמואיל'ן) אנקעל, איז
רוסלאנד זעהר ווייט פון דאנען?

ס א מ ו א י ל: רוסלאנד? 77 טויזענד מייל... אפשר נאך מעהר,
וויא איך בין א יוד.

ג ר ע ג ו א ר: (נעמט אלבערט'ס פידעל) אלבערט, קום אהער, דער
גרענפא וויל הערען וויא דוא שפיעלכט. (אלבערט ריהרט זיך
ניט פון ארט, אללע שווייגען) נו? דו!

א ל ב ע ר ט: מאמא, פליז, מע דארף ניט, איך בין זעהר מיעד.

ס א מ ו א י ל: ער איז טאקי מיעד, מיר זיינען היינט אויסגע־
לאפען אפשר 35 טויזענד מייל

ג ר ע ג ו א ר: געה, שפיעל, אז מע זאגט דיר!

א ל ב ע ר ט: ניין! ניין! ניין!

ג ר ע ג ו א ר: וואס איז דאס? זא וואהר איך לעב, איך פערשטיי
ניט.

ע ט י: אלבערט, אהער גיי! נעם דאס פיעדעלע און שפיעל (אל־
בערט נעמט דאס פידעלע און שטעלט זיך שפיעלען.)

א ל ב ע ר ט: (לאזט פלוצלונג אראפ דיא הענד) מאמא, מיר טהוט
וועה דער קאפ... איך וויל געהען שלאפען.

ס א מ ו א י ל: קום, יונגער מאן, איך וועל דיך אויסטהון און
איינפאקעווען גוט.

ר א פ א י ל: (טאפט זיין קאפ) קיין היץ האט ער ניט. פוסטיאקי!
נא, גיב א זופ אביסעל פונש (אלבערט וויל ניט.)

עטי: ווילסט א גלאז מילך?

אלבערט: ניין, איך וויל גאר נים... נאר שלאפען.

עטי: געה שלאפען... אנקעל סאמואיל וועט דיך נעמען.

סאמואיל: עטי, עס איז גאר ניט... ער האט זיך אנגעהארע־וועט און וועט באלד אנשלאפען ווערען וויא א געקוילעטער חזריוק... אנו, ווער פון אונז וועט גיכער ארויפלויפען מיט דיא טרעפ ארויף... איינס, צוויי, דריי! (לויפט, אלבערט גייט לאנגזאם.)

אלבערט: ניין, איך וויל איצט נים לויפען. (סאמואיל פיהרט איהם ביי א האנד. ביידע אב.)

אפרים: איך וואלט געטרונקען נאך א גלאז פונש... א תענוג! עס ווארעמט, וויא מע ליעגט אויף א לעזשאנקע... מחיה נפשות... אה! מיך בעט מען נים, אבער איך נעם און שפיעל אליין.

חוה: טאקי שפיעלט פון מיינעטוועגען עפיס א גוטע קלאסישע זאך. (אפרים נעמט דיא פידעל פון דער פיאנא.)

ראפאיל: יא, שפיעלט איהר יעהאוו קאזאק זא דונאים מיט ווארייאציעס... הא! הא!

עטי: איך וועל געהן זעהן וואס טהוט דאס קינד.

גרעגואר: זייט, עטי, איך וועל געהן. (זיא לאזט איהם ניט. אב.)

אפרים: מחותנת'טע, איך ווייס, איהר האט ליעב א גוטע יודישע זאך, איך וועל אייך שפיעלען א „זייגעזונד" פון דיא שקלאוועד בלי־זמר, אהן סטיקאטא, אהן פוטשיקאטא, אהן פלאזשעלעטא, אבער זיס, מיט געפיהל, מיט אמת'ע יודישע איינפאלע.

ראפאיל: קאטאי, בראט, קאטאי! גרעגואר, דיין פונש ווערט קאלט.

אפרים: (מאיעסטעטיש) זאל זיין שטיל! (שטעלט זיך אין א פאזע און וויא ער וויל נאר אנפאנגען, א גערויש, פיעל גלעקלאך, פערשיעדענע קינדערשע טרובעס, א גרויסע שליטען פאהרט צו פולל מיט מענשען, א געשריי, א געלעכטער.)

ראפאיל: (חאפט זיך אויף) אהא! זיי זיינען דא! נאטאשא, דיא ווארענוכע אהער! ציליע, אהער דיא פעקלאך מיט לעקאח, ניס, מאנדלען. (עס קומען אריין פיעל באיעס און גוירלס מיט א פרווי־

ליכען געלעכטער, אלטע פּארמערס מיט גרויע בערד און געגאָלטע שנור־בענדען, עטליכע דערפישע מוזיקאנטען (א פידעל און צוויי באנזשעס) אללע אין ווינטערדיגע קליידער, פערוויקעלט מיט שארפען און שאלען. אללע גריסען זיך, איינינע שרייען: העללאָ סאנטא קלאס! אנדערע זאָגען: העללאָ, רושיאן דזשענטלעמאן. זיי זעצען זיך וויא ווער עס וויל, נאַ־טאשא טראָגט אריין א סאמאָוואר, אללע שרייען: הוררעי! איינער זאָגט: איט איז א פּייער אינזשען. געלעכטער, דער אנדערער: איט איז א רושיאן סטימער. נאטאשא און נאָך א דיענסט דערלאנגען יעדען א גלאָז ווארענוכע, ציליע טראָגט יעדען כּיס און קענדי. עטליכע ארבייטער און שאבעלסקי קומען אויך אריין. מע טרינקט דיא ווארענוכע; איינער: אָה, נייס! דער אנדערער: א רושיאן קאקטייל, שטעלט צוריק דיא גלאָז, שטימען; לעט אָז העוו סאם מוזיק! דיא מוזיקער הויבען אָן שפּיעללען און אללע זינגען... „דהע אלד קענטוקי" און אנדערע סאָנגס. אָבגעזונגען הויבען זיי אָן שפּיעלען א טאנץ, אללע ווערען בעגייסטערט. סאמואיל קומט פון דיא טרעפּ, א גוירל חאפּט איהם און שלעפּט טאנצען, א באָי נעמט ציליע'ן, איין אלטער שלעפּט ביילע'ן. א שעהנע גוירל חאפּט ראפאיל'ן און צווינגט איהם טאנצען... ער טאנצט אזוי דאָס אלע אפּלאָדירען און שרייען בראַ־וואָ. אפרים ווערט פרייליך, חאפּט דאָס פידעל און שפּיעלט מיט. גרע־גואר זעצט זיך צו דער פּיאנאָ און אקאָמפּאנירט. אלע טאנצען לעבעדיג, ביז איינער גיט א געשריי: סטאפּ! אין איין אוי־גענבליק טהוען זיך אללע אָן, שרייען גוד נייט און לויפען פאָרט מיט געשרייען. איין אלטער פּארמער דריקט ראפאיל'ן דיא האנד, ראפאיל גיט איהם געלד, אללע גייען צום פענסטער און קוקען וויא דיא געסט פאָהרען אָב זינגענדיג „דהי אָלד קענטוקי". נאָר גרעגואר בלייבט ביי דער פּיאנאָ און פאנטאזירט שטיל. ציליע געהט צו איהם צו.) (עס הערט זיך וויים דאָס געזאנג פון אָלד קענטוקי ...)

צ י ל י ע: נו, הערר ארטיסט, איהר פאנטאזירט, הא? גענוג פאנ־טאזירען!

ג ר ע ג ו א ר: אוועק! איך בין בייז, זא וואהר איך לעב, איך בין שטארק בייז... איך וויל צווישען אונז זאל אללעס זיין געענדיגט. און דוא זאלסט סטאפּען דיינע וויזיטען קיין נויארק...

צ י ל י ע: עס איז שוין יעצט שפעט, האסט געדארפט זיין א חכם פריהער. (זאגט איהם עטוואס אויפ'ן אויער.)

ג ר ע ג ו א ר: (ערשראקען אויף טויט) עס קען ניט זיין? אי! וועה איז מיר.

צ י ל י ע: ווען עס האט זיך געטראפען מיט עטי'ן, האסט דוא זיא גענומען קיין אמעריקא, ווילסט אפשר מיט מיר פאהרען צוריק קיין קרעמענטשוג?

ג ר ע ג ו א ר: וואס גלייכסט דוא זיך צו עטי'ן? אי, וועה איז מיר! איך וועל דאס ניט איבערלעבען... א סקאנדאל... דער אלטער... עטי! איך וועל זיך מוזען שיעסען, פערגיפטען.

ר א פ א י ל: אזוי וויא א שטורם, אנגעפלויגען און פערביי....
(קומט צוריק.)

א פ ר י ם: וואס הייסט, איהר צאהלט זיי דערפאר? אויך מיר מוזיקער!

ר א פ א י ל: קיינע כלי זמר — אלע פארמערס. זיי מאכען היינט א פאר דאלאר פיר ארעמע. זיי זיינען גוטע מענשען, נאר מע קען זיי גיך ניט צוקאיען... ביי א רוסישען מוזשיק איז איבער'ן הארצען נאר א לייווענדענע העמד פערבונדען מיט א שטריקעל, קען מען גרינג צוקומען. דא טראגט ער א געפלאכטענע לייבעל, א געפרעסטע העמד, א זשילעט, א פידזשאק. דיא ציוויליזאציע האט איהם פערקנעפעלט דאס הארץ מיט צופיעל קנעפלאך. קען מען לייכט ניט צוקומען... אבער דאס הארץ איז דא... (עטי קומט) אי, עטי, וואו ביזט דוא געוועזען, דוא נארר... וואס דא האט זיך אבגעטהון!... נו, קינדער, איצט וועלען מיר אליין אביסעל פערברענגען... נאטאשא, גיב אונז אויך צו גלעזער ווארענוכע... הער נאר, דוא, עטי, פאר וואס זאלסט דוא אונז ניט זינגען עפים, הא?

ג ר ע ג ו א ר: עטי, איז אלבערט פערקיהלט?

ע ט י: ניין! ערשט אנשלאפען געווארען... האט ניט געוואלט אראפגיין. אז מען איז פרייליך און מע לאכט, זאגט ער, טהוט מיר וועה דער קאפ...

ר א פ א י ל: נאטאשא, דוא געדענקסט אז עטי איז געוועזען א קלייר-

נע פלעגט זיא זינגען דיין ליעדעלע (ער זינגט וויא א קינד און נאטאשא וועלכע גיסט ווארעניכע ביים סאמאוואר זינגט מיט), האטש בי דיוואטשינא, הארנא אי, באזשע מאי, א טא רודדא טא פאהאנא, אי, באזשע מאי.

עמי: פאפא, דאס איז געווען אמאל, זעהר לאנג, איצט אבער... איך האב שוין פערגעסען וויא מע זינגט.

אפרים: איהר דארפט אייך ניט שעהמען, וואס מיר מוזיקער זיינען דא... זינגט פראסט, וויא פאר פראסטע מענשען.

גרעגואר: זיא איז מוזיקאלישער פון דיר, עמי, זינג, דער פאפא הייסט...

ראפאיל: אמאל פלעג איך הייסען, איצט בעט איך. (טרויריג) יא, איך בעט, און מיין בעטען העלפט שוין אויך ניט...

עמי: פאפא, איך וועל דיר זינגען א קליינעם ראמאנס מיט'ן נאמען „מיין געבעט צו גאט."

זינגט: פריה אין'ם מארגען
שטעה איך אויף מיט זארגען,
אה, מיין גאט!
און ביי נאכט דיא שטערן
באגעגען איך מיט טרערען,
אה, מיין גאט!
עס בלוטיגט מיין הערץ
פון שאנדע און שמערץ
צו יעדער צייט.
איך וואנדער ארום
וויא בלינד און שטום...
מיין פריינד איז וויט,
מיין פריינד איז וויט
אה, מיין גאט, מיין גאט.
צו דיר מיין געבעט
שיק איך יעצט און בעט
אה, מיין גאט!

ווייא לאנג מוז איך ליידען
אום דיין שטראף צו פערמיידען
אַה, מיין גאָטט !
דוא פערצייהסט יעדע זינד
נאָר דער מענש האסט בלינד
צו יעדער צייט...
אַה, שווער צו לעבען
פון פיינדע אומגעגעבען...
און מיין פריינד איז ווייט,
מיין פריינד איז ווייט,
אַה, מיין גאָטט, מיין גאָטט !

(זעצט זיך און פארדעקט איהר געזיכט. אלע בלייבען שטיל. פויזע.)

ר א פ א י ל : איך האָב געזאָגט פריער, איך בעט יעצט און עס העלפט ניט, טשארט וואָזמי. איהר ווייסט, ווי מיר איז גרינג צו בעטען ! פאר וואָס זאָלען מיר ניט לעבען צוזאמען ? אָט איהר האָט געזעהן דאָ דיא פאָרמערס.

ח ו ה : נו, יא, אַ גליק וועט אונז טרעפען...

ר א פ א י ל : דיך פרעגט מען ניט ! אז אלע וועלען זיין אין פאָרמע, וועסט דוא אויך זיין..

ס א מ ו א י ל : זאָגאר דיא פייפערס לאכען פון דיא פאָרמערס און מאָהלען פון זיי טויזענדער מיליאָנען קאָררעקאטורען.

ר א פ א י ל : ווער לאכט ? ליידיגגעהער, פאראזיטען... זיי פרעסען דאָרט דעם פאָרמערס קארטאָפליעס און לאכען פון איהם.

ס א מ ו א י ל ! דוא זאָלסט מיר אפילו צוזאָגען 27 טויזענד גליקען וועל איך זיצען דאָ ?...

ב י י ל ע : אזא גוטס ! איך וויים, וויא ביי אונז דיא רייכסטע פאָמעשציקעס...

ח ו ה : וואָס ווייסט איהר ? עס איז דען זיינס שוין ? פערמאָרטגיידזשד, פערמשכנ'ט, פערזעצט, געמאכט אַ תכלית.

צ י ל י ע : איך דארף דיר זאָגען, פאפא, אויך איך בלייב דאָ ניט מעהר... אויב פיעל וועל איך דאָ קענען זיצען נאך אַ וואָך.

ר א פ א י ל: אזוי? וועסט ניט קענען זיצען? וועלען מיר דיך לערנען, וויא אזוי מע זיצט...

צ י ל י ע: מיין ניט, אז דוא וועסט מיך דא האלטען מיט גע־וואלד איך פאהר ארויס קיין נויארק.

ר א פ א י ל: דאס וועלען מיר נאך זעהן!

צ י ל י ע: איך פאהר ארויס קיין נויארק.

ע ט י: קיין נויארק? וואס זשע, ציליע, וויא איך זעה, ציהסט דו ביסלעכווייז צוריק דיין ווארט.

צ י ל י ע: זיא האט זיך דערמאהנט! איך האב שוין מיין ווארט לאנג צוריק געצויגען.

ע ט י: (גאנץ רוהיג) איך האב דיר איין מאל געזאגט און זאג דיר יעצט נאך אמאהל... צום לעצטען מאל; ציליע, זעה, זאלסט נאכדעם קיין חרטה האבען, עס וועט זיין שפעט.

ר א פ א י ל: וואס איז דאס?

ס א מ ו א י ל: פאפא, עס וועט טאקי 20 טויזענד מאל בעסער זיין, אז דוא וועסט ציליען ניט לאזען אין שטאדט. ווארום ווען זיא קומט קיין ניו יארק...

ע ט י: ווייסט דאך, פאפא, זיינע גוזמאות. (שטיל) ציליע, געדענק, וואס איך זאג דיר!...

ס א מ ו א י ל: זאל איך פלאצען אויף טויזענד שטיקער אויב דאס איז א ליגען...

ר א פ א י ל: וואס מיינסט דוא דערמיט?

ח ו ה: וואס ער זאל ניט מיינען, איז א ליגען!

צ י ל י ע: און אויב עס איז וואהר, איז וואס? אמעריקא איז ניט ראסיע און ניו יארק איז ניט קרעמענטשוג. דא האט מען ניט זעהר שטארק מורא פאר א חטא און מע שרעקט זיך ניט נאכדעם זעהר שטארק פאר א סקאנדאל...

ר א פ א י ל: אזוי? א חטא און א סקאנדאל איז דא גאר ניט? ביזט געוועכט, דיין פלאץ איז אין ניו יארק. נאטאשא, זאג שא־בעלסקי'ן, ער זאל באלד שפאנען דיא פערד. באלד פארט פון מיין הויז... שוין! דיא מינוט!

צ י ל י ע: יעצט איז ניטא קיין טרייז!

ר א פ א י ל: וועסט פיער, פינף שעה ווארטען אויף דער סטאנ־ציע... דא ביי מיר ניט, וואז!

ח ו ה: ווער איז מיר! ווייסט ניט, וואס, ווער, וועמען — טרייבט!

ר א פ א י ל: אויב עס איז גאר ניט! אויב זיא רעדט נאר אזוי, קען זיא ניט זיין דא מעהר. איך בין נאך א קרעמענטשוגער! (עפענט דיא טהיר) ארוים פון דאנען! (ציליע אב.)

ח ו ה: איך וועל דא ניט זיצען מיט דיר... איך וועל זיין מיט דיא קינדער אין שטאדט, וועסט קומען צו אונז, ניש קשה... וועסט זיך לאנג ניט בריה'נען!

ר א פ א י ל: (א קלאפ אין טיש) איך וועל קומען? מאדאם, פון דאנען וועט מען מיך פיהרען אויפ'ן בית עולם!

ח ו ה: וויא דוא פערשטייסט... איך וועל זיין מיט מיינע קינ־דער. (אב)

ר א פ א י ל: איהר זעהט, ר' אפרים, א פנים איך בלייב אין אמעריקא אהן א קאפעליע. (פערקנייטשט זיין שטערען) נו, אונזער קריסמאס באלל איז ניט זעהר געראטען... איך מייז, איהר מעגט אלע גיין שלאפען. (סאמואיל ראש אב.)

א פ ר י ם: מכח דעם משא ומתן... (ראפאיל הערט ניט. פערטיעפט אין זיינע געדאנקען)

ב י י ל ע: אי, דולל איהם איצט ניט דעם קאפ.

א פ ר י ם: מכח דיא קרעמענטשוגער קאנסערוואטאריע אף מו־זיק אף ניו יארק.

ר א פ א י ל: א גוטע נאכט... (אפרים און ביילע אב.)

ג ר ע ג ו א ר: עטי, קום, פאפא, זא וואהר איך לעב, מיר טהוט זעהר לייד... איהר ווייסט ניט, עס געבען מאמענטען אין'ם לעבען פון איין ארטיסט... ווען... אללעס... באלד אויפ'ן ארט דיא גאנצע ווארהייט... און... זאל זיין וואס עס וועט זיין... אה! האט א גוטע נאכט... (געהט ביז דיא טרעפ.) דיא ווארהייט זאגען וועט נאך זיין צייט... ווייס איך וואס עס קען זיך נאך טרעפען ביז

יענע צייט... ציליע איז א מענש וואס קען ארוים טרוקען פון וואַ־סער און... אפשר וועט זיא גאר שטארבען?

עטי: (בעטראכט לאנג ראפאיל'ן) פאפא, ווילסט אפשר מיר וואס זאגען? זאל איך בלייבען?

ראפאיל: געה שלאפען... א גוטע נאכט... (עטי מיט גרעגואר'ן גייען מיט דיא טרעפ. ער קושט איהר האנד.)

עטי: ביזט עפּיס צו שטארק פערליעבט. זעה נאר, פיהלסט זיך מסתמא זעהר שטארק שולדיג... (ביידע אב. נאטאשא רוימט פון טיש.)

ראפאיל: (שטייט אויף) געה, וועסט מארגען אויפראמען. (נאטאשא געהט ביז'ן טהיר.)

נאטאשא: ראפאיל מאיסיעוויטש, גוטער מענש, איך האב אייך נאר געוואלט זאגען, זאלאנג איך וועל האבען כח, וועל איך אייך ניט לאזען אליין... ניין! איך וועל אייך דא אליין ניט לאזען.

ראפאיל: (פריינדליכער) א גוטע נאכט, נאטאשא. (צייגט אויף דער טהיר. נאטאשא אב. ער פארלעשט אלע לאמפען, פערררייכערט זיין פייפ, געהט אום לאנג פערטראכט. ענדליך זעצט ער זיך אין א ווינ־קעלע און זיפצט. דיא שטוב ווערט בעלויכטען נאר פון דעם שיין דורך דיא פענסטער, מע הערט וויא דער ווינד יאממערט און מע זעהט וויא דער שניי פאלט. פּויזע. אלבערט אנגעטהון ווארעם און מיט א שטעקען אין האנד געהט שטיל פון דיא טרעפ, בעמערקט ניט ראפאיל'ן, נעמט שטיל זיין פידעלע פון דער פיאנא און וויל געהן. (גאנץ ווייט זינגט מען: „אלד קענטאקי.")

ראפאיל: (שטיל) וואס ווילסט דוא טהון? (אלבערט דערשרעקט זיך.)

אלבערט: דאס ביזט דוא, גרענדפּא? (יא.) איך וויל נעהמען מיין פידעל און אוועק געהן פון דאנען... איך וויל געהן קיין רוסלאנד...

ראפאיל: קיין רוסלאנד געהן? הם! דאס איז א פּלאן. (געהט, נעמט איהם ביי דער האנד און זעצט איהם אנידער לעבען זיך.) זעץ

דיך דאָ, יונגער מאַן, און נומיר זיך אַביסעל דורכשמועסען... וואָרום עפּיס ווילסט דוא געהען קיין רוסלאַנד, האַ? (אַלבערט שווייגט, עטי קומט שטיל מיט דיא טרעפּ.)

ע ט י: (שטיל) אַרעמער פּאַפּאַ, איך וויים, ער זיצט דאָ יעצט געווים אַליין...

ר אַ פ א י ל: וואָרום שווייגסט דוא, אַלבערט?

ע ט י: דאָס קינד איז דאָ מיט איהם? (פאַלט צו צו דער באַריער פון דיא טרעפּ און הערט זיך צו.)

א ל ב ע ר ט: איך וויל אַוועקגעהען פון דאַנען קיין רוסלאַנד און קיין מאָל זיך ניט אומקעהרען. דאָ האָט מיך קיינער ניט ליעב, אויסער אַנקעל סעם, און איך וויים שוין, מיין פּאַפּאַ איז דאָרטען...

ע ט י: (שטיל) אי! וועה איז מיר!

ר א פ א י ל: אַה! ווען איך זאָל דיך קענען נעמען פאַר אַ האַנד און געהן מיט דיר קיין רוסלאַנד זוכען דאָס פערלאָרענע גליק... קינד, דוא האָסט דאָרט פערלאָרען דיין פאָטער און איך האָב דאָרטען פערלאָרען מיינע קינדער... אָבער, אַלבערט, מיר וועלען אין רוס־לאַנד גאָר ניט געפינען... נאָר קברים פערוואָרפענע מיט שניי... אונז ביידען, אַלבערט, האָט קיינער ניט ליעב... מיר האָבען ביידע קיינעם ניט אין דער גרויסער וועלט... ניט דאָ און ניט דאָרטען... (עטי איילט פון דיא טרעפּ.) (גאַנץ ווייט הערט זיך דאָס ליעד פון „אַלד קענטאָקי"...)

ע ט י: פּאַפּאַ, און וואו בין איך? אי, איהר צוויי קינדער... מיינע צוויי ליעבע, גוטע, אונגליקליכע קינדער! (אומאַרמט דעם פאָ־טער מיט איין האַנד, אַלבערט'ן מיט דער צווייטער האַנד און דריקט זיי שטאַרק צו זיך און וויינט ביטער. אַלע דריי וויינען. נאַטאַשאַ קומט, און וויל גיין מיט דיא טרעפּ אַרויף, דערזעהט וויא זיי וויינען, זעצט זיך אויף דער ערשטער טרעפּ און וויינט שטיל. אַלע בלייבען אַזוי אייניגע אויגענבליקען, עס איז שטיל, עס הערט זיך וויא עס קלינגט אַ זייגער צוועלף מאָל. דער ווינד רוישט שטאַרק, און דער שניי פאַלט.)

פ אָ ר ה א נ ג.

## פיערטער אקט

(א גרויסער צימער אָהן קארפּעט, איין טישעל, עטליכע שטולען, צוויי אָדער דריי פּיאנאָס. אפרים, פון דער קיילוכיגער באָרד געמאכט, א שפּאניאָלקע, אָהן א סיורטוק, שפּיעלט מיט בעגייסטערונג א יודישע זאך, ביילע, חוה און נאטאשא זיצען און הערען אויפמערקזאם, עס איז נאכט, גאז ברענט.)

אפרים: נו, ווייבער, עס איז גוט, הא? דאָס איז דער אמ'תער שקלאָווער „זיי־געזונד" אָהן פּימשיקאטע און עס שציפּעט ביים פּופּיק, אָהן סטיקאטע און עס סטוקעט איבער'ן הארצען... יודיש! עכט יודיש!... איהר זעהט, נאטאשא, א גויה, און א ריכטיגע יודישע זאך געפעלט איהר אויך... נאטאשא, דוא פּאָהרסט אוועק, האָב איך דיר געשפּיעלט „זיי־געזונד"... דאָ איז אמעריקא וויל איך זיך נים גרויס האלטען געגען דיר מיט דעם וואָס איך בין א יוד. אין אמעריקא מעג מען אפילו אן אלטע גויה אויך רעכענען פאר א מענשען... דאָך א פרייע לאנד!

ביילע: אי, נאטאשא, איך בין דיר נים מקנא, ווידער העצקען זיך איבער'ן ים ארויף און אראָפּ... פע!

חוה: דיך פערדריעסט נים, מיך דאָ פערלאָזען? אזוי לאנג געוועזען ביי מיר...

נאטאשא: שיידען זיך פון מיין עטי איז מיר זעהר שווער... מיין הארץ ווערט צוריסען... און דער אלטער הערר נעבאך דאַרטען אליין... אָבער איך וויל נים אין דער פרעמד שטאַרבען, זאָלען חאָטש מיינע אלטע ביינער ליעגען אין דער היים...

ביילע: זעהסט, לעבען צווישען פרעמדע האָט זיא נים מורא געהאָט און ליעגען אין דר'ערד צווישען פרעמדע האָט זיא מורא...

אפרים: נו, יאָ, ליעגען ווילט זיך מיט אן אייגענעם, דאָס הייסט,

נאר אין דר'ערד... ניין! איך וואלט ניט פאהרען צוריק, מע זאל מיר דארטען אפילו צוזאגען אלע נאכט א חתונה... אויך מיר א מדינה ראססעיע!...

חוה: און איך ביינק זעהר נאך קרעמענטשוג...

אפרים: א כרך — קרעמענטשוג! וואס איז דארטען דא? גור אריה'ס קאזארמעס? דא בין איך דאך מיר א גראף, א פאר־מעשציק... דיא פאליציי האט מיך נאך איינמאל ניט געפרעגט צו איך האב א פאספארט און אז איך האב געוואלט, האב איך ניט געפרעגט ניט ביים פרעזידענט, ניט ביי דעם גובערנאטאר און האב מיר געגעבען א נאמען „פראפעסאר" און האב מיר אליין גע־עפענט א קאנזערוואטאריע אף מוזיק און איך בין מיר אליין דא אזא מיוחס וויא טשאיקאווסקי מיט רובינשטיינען.

נאטאשא: און, וויא אזוי רופט איהר דאס, דיא... דיא יוניאן?

אפרים: ע! יוניאן איז נאר פאר פראסטע מענשען — איך בין איצט פערשטייסט דוא מיך, פראפעסאר פידלער... דירעק־טאר „אף דהע קרעמענטשוג קאנזערוואטאריע אף מוזיק אף ניו יארק," „קאפעלמייסטער אף דהע אמאטיאר־גוגענאטען־ארקעסטער" צוליעב מייערבערן, וועלכער איז אויך געווען א יוד, חע! חע! מע קומט, מע טראגט קווארדערס, מיט האלבע דאלארס... מע פרעגט ניט... ווער קען דארטען אין דער קבצנישע מדינה צאהלען? דאר־טען איך זאל זיך אפילו שווערען מיט שבועות וחרמות וואלטען זיי דאך מיר ניט געגלויבט, אז דאס איז א קאנסערוואטאריע... פאר אזא מענשען וויא איך מיט א ספעציאלנאסט איז אמעריקא בע־שאפען געווארען...

נאטאשא: אונזער אלטער הערר האט ניט געטראפען אין אמע־ריקא... א, יעווא אראנאוונא, גאט זאל אייך ניט שטראפען דערפאר וואס איהר האט איהם אויף דער עלטער אלע פערלאזט.

(ציליע שרייט פון אנדערן צוממער: מאמא, קום אהער! חוה ראש אב.)

בײלע: (מיט א גרימאסע צו אפרים'ן) זיא טהוט זיך אן... זיא געהט היינט מיט גרעגואר'ן אין דער אפערא. אי! עס איז א צרה מיט זייער אפערא.

אפרים: דיא צרה איז, וואס אויף איהר שטעהט דיא גאנצע קאנסערוואטאריע, אז ניט, וואלט איך איהר שוין לאנג א שפיעל געטהון אויף דער קווינטע. (צו נאטאשא'ן) איך האב געהערט, דער אלטער איז דארט גאר צוחליאבעט געווארען, הא?

נאטאשא: אללעס געהט פראחאם: א ראזזארעניע... ער האט ניט קיין הילפע, האט ניט זאגאר מיט וועמען אווארט אויסרעדען. (ווישט זיך א טרער) זיין איינציגער פריינד איז יעצט אלבערט. זייט פאר א יאהרען קריסטמאס לאזט ער איהם ניט אב פון זיך... דאס קינד פיהרט אויס ביי איהם אללעס. (שטיל) ציליע, וויא איך זעה, שטיפט, הא? אי, עלטערן זאלען דערלאזען אזא זינד... לייבליכע שוועסטער, וועה איז מיר! און עטי נעבאך...

אפרים: א גרינגע זאך אין אמעריקא זאגען: דערלאז ניט! ער זאל מיך קומען פרעגען: טאטע, דערלאז... וואלט איך געזאגט: נייז, איך לאז ניט... א חאלעריע זיי אין דיא ביינער אריין, זיי דערלאזען זיך אליין (א גלעקיל, ער קוועטשט דעם קנאפ ביים טהיר.)

ציליע: (פון איהר צימער) זעהט, עס האט געווים גרעגואר געקלונגען! (חוה קומט צוריק.)

חוה: אי, האט זיא זיך אויסגעפוצט, נאר א לעדי פון דער פינפטער עוועניו! אמאל פלעג איך זיך אויך אנטהון וויא א מענש... און איצט... אי, וויא מע ווערט פערשווארצט אין אמעריקא.

אפרים: (קוקט ארויס פון טהיר) אונזער קדיש!... אי, ווען ניט דיא קאנזערוואטאריע אף קרעמענטשוג אף מוזיק אף ניו יארק! (מע קלאפט) נו. קאם אין! (גרעגואר קומט.)

ביילע: (אפארט) קוק איהם אן, אויך אויסגעפוצט וויא א חזיר.

חוה: ציליע טהוט זיך אן... אה, בין איך אייך מקנא — הערען דיא קאלווע אין אזא אפערא וויא קארמען... אויב מע וועט קענען אויסרייניגען און פיקסען מיין אפער'ן מאנטעל, וועל איך אויך אמאל געהען.

ביילע: נו, יא, אז דיא אפערא איז קלמן, איז מסתמא גוט.

גרעגואר: א דירעקטארשע פון א קאנסערוואטאריע זאל צו־
נויפפאארען קלמן מיט קארמען! נאטאשא, וועסט פאהרען צו
אונז? עטי וועט דארפען שפעט זיצען אליין (אפארט) דיא לעצטע
צייט בעזוכט אונז צו אפט א בעקאנטער פיאניסט. ער איז א
שעהנער יונג... זא וואהר איך לעב, עס איז בעסער ניט לאזען זיא
אליין.

בײלע: פאר וואס געהט ניט עטי מיט אייך אין דער אפערא?

גרעגואר: אז זיא דארף געהן געהט זיא, און אז זיא דארף
זיצען אין דער היים, זיצט זיא אין דער היים... מיין נאמען
און מיין געשעפט פאדערט איך זאל זיצען אויף א טייערן פלאץ...
ווען זיא געהט אבער אליין, מעג זיא זיצען וואו זיא וויל... און אוי־
סער דעם, איך מיט צילילען געהען ניט נאר פון פערגעניעגען וועגען,
מיר זיינען פראפעסיאנעלע מוזיקער... ע... (געהט) צילילע, וועגען
דעם קלאוויר אויסצוג... ע... (אב צו איהר אין צימער).

אפרים: נו, געה, לאז ניט!... ער פרעגט ניט און געהט... זיא
טהוט זיך אן... אפשר איז זיא אהן א לייב־סערדאג נאך!...

נאטאשא: אי, גאטט, הפנים עס קומט דער שרעקליכער יום
הדין, וויא דיא הייליגע שריפטען זאגען, אז קינדער וועלען
אויפשטעהען געגען עלטערן, א ברודער אויף א ברודער, א שוועס־
טער אויף א שוועסטער... דער פאטער נעבאך...

חוה: נאטאשא, מיר טהוט הנאה וואס דעם אלטען געהט דאר־
טען שלים שלימזל... נישקשה, ער וועט קליגער ווערען, און
קומען צו אונז לעבען, וויא אלע מענשען. (מע קלינגט.)

אפרים: ווער איז דאס? (עפענט) אה, מסתמא זיינע קניפעל,
זיא האט דא פערגעסען איהרע נאטען... (מע קלאפט) קאם
אין. (עטי קומט, שעהן געקליידעט. זיא אטהעמט קוים.)

אללע: עטי!

עטי: פערשפעטיגט? זיי זיינען שוין אוועק אין דער אפערא?
(אפרים קוקט אויף ביילען און שווייגט.)

נאטאשא: (ערשראקען) גאטט איז מיט דיר, עטי, וואס ווילסט
דוא טהון?

ע ט י: (מיט א שמייכעלע) שרעק זיך ניט, ניאניע, איך האב גע־
דארפט גרעגואר'ן בלויז וועגען א געשעפטס זאך. מיר האבען
געסט... וויא גרעגואר איז נאר ארויס פון שטוב איז געקומען דער
פאפא.. ער דארף גרעגואר'ן זעהר נייטיג... אי, ניאניע, אלבערט
איז א לעבעדיגער, געזונטער פארמער.

ח ו ה: ראפאיל איז אין שטאדט? (געהט צום שפיגעל און ברייננגט
אין ארדונג איהר טואלעט.) זיי זיינען נאך ניט אוועק אין דער
אפערא.

ב י י ל ע און א פ ר י ם: דער מחותן איז געקומען! וואו איז
דער מחותן?

ע ט י: ער ווארט דא אויף דער שטראסע, ער וויל אהער ניט אריינ־
געהען... ער דארף מיט גרעגואר'ן רעדען א פאאר ווערטער.

ב י י ל ע: וואס הייסט, ער וויל ניט? האסט דוא געהערט א
ביסעל! ? (לויפט אב).

ע ט י: הייסט עס, זיי זיינען נאך ניט אין דער אפערא?

ח ו ה: ניין! ציליע טהוט זיך אן... דאס הייסט זיא איז שוין
לאנג אנגעטהון, נאר זיא קלייבט זיך צו... ער איז ערשט, נאר
וואס אריינגעגאנגען צו איהר...

ע ט י: איך האב געוואוסט, מיר וועלען זיי נאך טרעפען...
(קלאפט אין ציליעס טהיר) מעג מען אייך אביסעל בעאונרוהי־
גען? (גרעגואר קומט, נאך איהם ציליע אנגעטהון צום גיין.)

ג ר ע ג ו א ר: דוא דא? וואס איז? (עטי בעטראכט זיי און
שווייגט.)

צ י ל י ע: עטי, דאס איז דיין נייעס קלייד? אה, שעהן...
פראכטפאל...

ג ר ע ג ו א ר: איא, שעהן? עס קאסט שעהנעס געלד, זא וואהר
איך לעב, מיין פרוי דארף געהן שעהן און רייך געקליידעט...
איא, עס פאסט איהר? און ווען זיא האט עס אויסגעקליבען, האב
איך געוואלט מאכען א גאנצען סקאנדאל, זא וואהר איך לעב, א
קליין סקאנדאלטשיק טאקי געוועז, עס איז מיר ניט געוועז געפעלען

(רעניגט איהר קלייד פון שטויב) איך צאהל געלד און פריער פון אללע דארף מיר געפעלען. פאר וואס האסטו ניט אנגעטהון דיין דזשולערי?

ע ט י: איך האב ניט געהאט קיין צייט... איך האב מיך זעהר געאיילט... גרעגואר, דער פאפא איז געקומען און דארף דיך באלד זעהן.

ג ר ע ג ו א ר: מיך? וואס איז עפעס?

ב י י ל ע: (ביים טהיר) יא, יא, קומט אריין, גרעגואר איז דא... אין דרויסען גאר, האסט דוא געהערט אביסעל! (אריין) זעה, וואס דא טהוט זיך. (ווארפט זיך רוימען, ראפאיל עלטער און ארמער געקליידעט פיהרט פאר א האנד אלבערט׳ן, ברענגט א סעטשיל.)

ר א פ א י ל: (א שאקעל מיט׳ן קאפ צו אללע) העללא! נאטאשא, וואס מאכסט דוא?

ב י י ל ע: (צו אפרים׳ן) דוא, בעל־הבית מיינער, וואלסט אפשר אנגעטהאן דעם סיורטוק!

א פ ר י ם: אין אמעריקא איז גוט אהן א סיורטוק.

ר א פ א י ל: יא, אז מיר קומען אין אמעריקא, טהוען מיר זיך אויס... און מע שעהמט זיך ניט.

א פ ר י ם: איך מיין, אין אמעריקא איז ניטא קיין מיוחסים, אלע זיינען גלייך... א פרייעס לאנד! ניט אזוי מחותן? נו, וואס מאכט איהר?

ר א פ א י ל: יא, יא, ניטא קיין מיוחסים... א פרייעס לאנד! אלבערט, טהו זיך אויס דערווייל (העלפט איהם אויסטהון זיך).

ע ט י: פאפא, זאל איך איהם זאגען? גרעגואר, דער פאפא פרעגט מיך, וויעפיעל געלד דוא האסט? דוא האסט מיר קיין מאל ניט געזאגט און איך האב ניט געפרעגט.

ב י י ל ע: פאר יעדען טויזענדער וואס ער האט אין באנק זאל איך האבען א גוטען מזל׳דיגען יאהר, רבש״ע!

ג ר ע ג ו א ר: ווענען דארף איך געבען רעכנונג וועגען מיין געלד?

ר א פ א י ל: גאנץ איינפאך... פאר אייך דא וויל איך זיך ניט שעהמען... גבירים — דריי פאר א ניקעל! און ראפאיל דארף

צו זיי קומען רעדען פון געלד פראגען... טשארט וואזמי! צייטען האַ?

אַ ל ב ע ר ט: גרענדפּאַ, האָסט מיר צוגעזאָגט ניט זיין בייז, האָסט פערגעסען?

ר אַ פ אַ י ל: נו, יאַ, איך האָב געוואַרט ביז דער לעצטער מינוט. און אויב איך וועל מאָרגען ביז צוועלף ניט אריינטראָגען אין ניו הייווענער באַנק פּראָצענט פאַר'ן מאָרגייטש און אַ טהייל פון קאַפּיטאַל, וואַרפט מען מיך שוין ארויס פון דער פאַרמע... איך האָב זעהר ליעב בעטען גמילות חסדים! יעדען שוויין בעטען! נאָר בלייבען אין דרויסען... אליין... אַ בעטלער... הם, אַלבערט אפילו זאָגט, מיר זאָלען נעמען רעוואָלווערען און ביקסען און שיסען, ווען זיי וועלען קומען אונז טרייבען... עס איז אָבער קיין פּלאַן ניט...

צ י ל י ע: אַפּיצערסקי בלוט!

ר אַ פ אַ י ל: איך דאַרף צוועלף הונדערט דאָלאַר... (פּויזע.)

צ י ל י ע: הערר פרידלענדער, מיט מיר און דער מאַמאַ זייט איהר גאַר ניט בעקאַנט?

ר אַ פ אַ י ל: (צו גרעגואַר'ן) צוועלף ביי נאַכט געהט דיא שיף אַב קיין ניו הייווען.

ג ר ע ג ו אַ ר: הם, 12 הונדערט דאָלאַר? זאַ וואָהר איך לעב, עס איז אַ היבשע סוממע געלד! איך וועל אייך זאָגען דיא וואָר־הייט, ווען איך זאָל זאָגאַר האָבען, וואָלט איך ניט געגעבען... וואָ־צו? העלפען אייך נאָך אַ יאָהר פּלאָגען זיך? מיין געלד וועט זיין פערלאָרען און דיא פאַרם וועט מען ביי אייך צונעהמען מיט אַ יאָהר שפּעטער... עס איז צייט איהר זאָלט ווערען פּראַקטישער! איהר זייט ניט קיין פאַרמער...

ר אַ פ אַ י ל: איך בין ניט געקומען צו דיר לערנען זיך פּראַקטיק!

ג ר ע ג ו אַ ר: איך מיין אייער טובה, זאַ וואָהר איך לעב...

ר אַ פ אַ י ל: ווען איך טראָג אריין מאָרגען דאָס געלד, קען איך אַם ווענינגסטען, אויב איך וועל מוזען, פערקויפען אַלעס און רעטען אַ פּאָאָר טויזענד דאָלאַר מיט פּראָצענט... און אויב אַז ניט... ע... (בייז צו אַלבערט'ן) דאָס ביזט דוא שולדיג, דיפּלאָמאַט

מיינער! איך האָב דיר געזאָגט, מע דאַרף ניט פאַהרען! מע קען ניט מאַכען קיין שמריימעל פון אַ חזיר'שען אויער...

אַ ל ב ע ר ט: (פריי) מיר וועלען נאָך זעהן... ניאָניע, אפשר האָסט דוא 12 הונדערט דאָלאר? זאָל איך אַזוי געזונד זיין, מיר וועלען דיר אָבגעבען (אללע, זאָגאר ראַפאיל, לאַכען, עטי קושט איהם.)

נ אַ ט אַ שאַ: אי, מיין קינד, ווען איך זאָל האָבען, נאַרעלע, אויב ראַפאיל מאַסעיעוויטש וועט ניט בעקומען קיין געלד, וועל איך ניט האָבען מיט וואָס צו פאָהרען אַהיים...

ג ר ע ג ו אַ ר: זעה אַ יונג! אַ ריכטיגער פאַרמער! (קושט איהם) שוועהר, איך זאָג אייך גאַנץ אָפען. איך קען אַזאַ סומע געלד ניט געבען, נאָר איהר בלייבט ביז מאָרגען... איהר וועט קענען נעהמען אַ טריין. און מיר וועלען זיך מישב זיין... דאָ איז נאָך דאָ פערזאָנען, וואָס האָבען געלד, פאַר וואָס זאָלען זיי אייך ניט העלפען?

ח ו ה: איך זאָג דיר! געלד!

ב י י ל ע: אי, אומשטיינס געזאָגט, געלד! (ראַפאיל בלייבט זי־צען פערטראַכט.)

ע ט י: (שטיל) גרעגואַר, קום אַהער, דו ווייסט, איך האָב ביי דיר נאָך קיין מאָל, קיין זאַך, קיינע געפעליגקייט געבעטען, אָבער יעצט ווען דער פּאַפּאַ...

ג ר ע ג ו אַ ר: האָב שכל און מיש זיך ניט. דאָס איז ניט קיין ווייבערשע ביזנעס! דו האָסט דאָס וואָס דו דאַרפסט? זייַ און שוויַיג!

ע ט י: דער פּאַפּאַ בעט נאָר לייען.

ג ר ע ג ו אַ ר: נו, יאָ, איך וועל איהם געהן נאָכדעם לאָדען...

ע ט י: גרעגואַר, דער פּאַפּאַ האָט דיר... אונז... געגעבען געלד און...

ג ר ע ג ו אַ ר: זאָ וואָהר איך לעב, איך האָב דיך געדאַרפט נעהמען אָהן געלד... איך זאָל דאַמאָלס מעהר שכל האָבען, וואָלט מען מיך ניט אָבגעהאַנדעלט מיט שיהע פיהע... דו מיש זיך

ניט אין געלד פראגען, דאס איז ניט דיין זאך! (קוקט אויפ'ן זייגער.) אי, ציליע זא וואהר איך לעב, מיר וועלען פערשפעטיגען דיא אובערטיורע. אלזא איך וועל אייך דא טרעפען... עטי, דוא זאלסט ווארטען דא, איך וועל ברענגען ציליע'ן אהיים און מיר וועלען פאהרען צוזאמען... דו הערסט? איך וויל ניט, זאלסט פאהרען אליין אהיים... זא וואהר איך לעב, דער פיאניסט מאכט דיר צופיעל קאמפלימענטען... חע! חע! אויפ'ם ווידערזעהען. (ביידע ראש אב).

(עטי בעגלייטעט זיי מיט א איראנישען בליק און א פערדעכטיגען שמייכעלע.)

ר א פ א י ל : אזוי! אזוי איז דאס? (בייז) עטי, פאר וואס געהסט דוא ניט מיט זיי אין דער אפערא?

ע ט י : פאר וואס? מע האט געקראגען נאר צוויי בילעטען, נו, זיי זיינען מוזיקער, זיינען זיי בילכער.

ר א פ א י ל : אזוי? מען קען נאר צוויי טיקעטס קריגען? קום, איך וועל פאהרען מיט דיר אין דער אפער... מיר וועלען נעהמען אלבערט'ן, דער פארמער האט דאך נאך גאר ניט געזעהן. אז איך וועל בעצאהלען צעהן דאלאר פאר צוויי בילעטען, וועלען מיר האבען וואו צו זיצען? נו, טא קום... איך וויל היינט זיין אין דער אפער מיט דיר.

ע ט י : (שמייכעלט) ניין, פאפא, איך וויל ניט געהן אין דער אפער אויף צו להכעיס. לעג עס אב אויף איין אנדערם מאל. איצט איז ניט דיא צייט.

ר א פ א י ל : דו ווילסט נאך ניט געהן אויף צו להכעיס? עטי, איך פערשטעה ניט, ביזט דוא אזוי שטארק, אדער ביזט א שמאטע, וואס לאזט זיך טרעטען מיט דיא פיס? ברודער אלבערט, איך מיין, מיר מעגען פאהרען אהיים, ביז מע וועט אונז ניט ארויסווארפען איז דארט אונזער היים, דארט!

נ א ט א ש א : פאטער אין הימעל, ארויסווארפען! בעסער וואלט איך דאס ניט דערלעבט צו הערען.

ע ט י : מאמא, איך וויים, דוא האסט אין באנק זעקס הונדערט דאלאר.

ר א פ א י ל : איך דארף ניט קיין פרעמד געלד !

ח ו ה : איך בין געווען דער איינציגער מענש, וואס האט געהאט שכל אברייסען ביסלאך ווייז ביי דער פארמע... ווען ניט מיין עקאנאמיע, א שעהן פנים וואלטען מיר יעצט געהאט.

ר א פ א י ל : פינאנסיסטען געווארען דא אין אמעריקא ! הא ? אלבערט, טהו זיך אן, מיר פאהרען שוין אהיים. (טהוט איהם אן.)

א פר י ם : הייסט עס, מחותן, אויב איהר בעצאהלט ניט מארגען איז אלעס אין גאנצען פערפאלען ?

ר א פ א י ל : (בייז) יא, הייסט עס, מחותן.

א פ ר י ם : א ביטערע עבירה, וויא איך בין א יודיש קינד, ביי־לע, קום אקארשט אהער (רעדען ביידע שטיל.)

ע ט י : (שטיל אבער ענערגיש צו דער מוטער) איך וויים דאך, דוא ווילסט איהם אבגעבען דאס געלד.

ח ו ה : ווער ? איך ?

ע ט י : נו, יא, דוא ! ער וועט אבער דיין געלד ניט נעהמען, וועסט איהם מוזען בעטען און שטארק בעטען....

א פ ר י ם : הערט מחותן, איך האב אין באנק 265 דאללאר.

ר א פ א י ל : 265 דאלאר ! א גביר ! איך קוק, וואס ער האט זיך געמאכט א פראנצוויזישע בערדעל ! זייט ניט קיין נארר, אייערע עטליכע פערהארעוועטע גראשען וועלען מיר ווענינ העלפען.

א פ ר י ם : מיר וועלען מיט ביילען צונויפקראצען ביז דריי הונדערט... דיא מחותן'עסטע האט, שא בייזערט זיך ניט, דיא מחותן'עסטע האט זעקס מאות... גיט אויף איהר איין טאפע מיט'ן פום, האט איהר דאס געלד... (צושפיעלעט זיין זשילעט און לעגט לעבען ראפאיל'ן זיין באנק ביכעל.)

ר א פ א י ל : טאפען מיט פום ? ניט דערלעבען וועלען עס מיי־נע שונאים ! זיא האט גדארפט וויינען און בעטען איך זאל דאס געלד נעהמען און דאן וואלט איך עס ערשט ניט גענומען.

ע ט י : פאפא, דיא מאמא דארף דאס געלד ניט פאר זיך, זיא רעכענט, טאמער פערליערסט דוא דיין גאנצעס פערמעגען און

קומסט אין שטאָדט לעבען, זאָלסט דוא ניט דארפען אנקומען צו פרעמדע מענשען. אָבער אויב דו קענסט מיט געלד רעטען די פארמע, וועט זי געוויס ניט זיין דאגעגען... פאר וועמען דארף זי דען דאס געלד? זיא וועט דיר אליין אָבגעבען איהר ביינק ביכעל, איא, מאַ־מאַ? וואו איז דיין ביינק ביכעל?

ח ו ה: (קעהרט זיך אב און שלעפט פון בוזים א ביכעל, וויינענדיג)

מען דארף איהם נאָך בעטען און וויינען! ער מיינט, עס איז איהם קרעמענטשוג!

ע ט י: עס רעדט זיך נאָר אזוי!... מע דארף ניט בעטען, דער פאפא האָט אליין פיינט צו בעטען און וויל ניט מען זאָל איהם בעטען... ער ווייס וויא בעטען ערנידריגט (לעגט דער מוטערס ביינק בוך לעבען אפרימס ביכעל.)

א ל ב ע ר ט: נעהםביידע ביכלאך און מאך ביזנעס וויא א גוּטער פארמער.

ר א פ א י ל: חא! חא! איהר הערט, וואס מיין אלטער פריינד זאָגט? דאס וואקסט דער ריכטיגער פארמער. איבערמוטשען זיך נאָר ביז ער וועט ענדיגען אן אגריקולטור שולע און וועט ווערען א מענש... נו, בעלי טובות מיינע, דערוויילע נעהמט צו אייערע אוצרות מיט געלד... (שמייסט פאָרט ביידע ביכלאך) איך האָב פיינד קבצנישע קאָללעקשאָנס. מיר וועלען שוין מאָרגען פאָהרען מיט דער טריין, האָבען מיר נאָך צייט צו הערען וואס אונזער איידעם וועט אונז ראטהען צו טהון... דערווייל, אלבערט, גיב נאָר א קוק, וואָס מיר האָבען איינצוקויפען... ביי דיר איז פערשריעבען, סעק־רעטאר מיינער.

א ל ב ע ר ט: (נעמט פון דער טאשע א צעטעל) א פלאש טערפענ־טין, שטריק, א פלאש שווארצען קארבאָליק עסיד און...

ע ט י: (קושט איהם ליידענשאפטליך) אי, מיין טהייערער, מיין זיסער פארמער!

ר א פ א י ל: נו, אלבערט, מארש! מיר קומען באלד (געהט עט־ליבע טריט, שטעלט זיך אָב און קוקט אויף אפרים'ן) עי, דוא,

כלי־זמר! אויף מיין ווארט, איך דארף זיך ניט שעהמען מיט דיר (אומארעמט איהם שטארק, שטויסט פון זיך און ראש אב.)

ח ו ה : (בעהאלט איהר בוינק ביבעל) איך זאל מיך ניט שעהמען, וואלט איך מיט איהם מארגען געפאהרען אהיים. קיין מאל ניט געהאט קיין דאגות, נאך וואס דארף איך דאס ?

נ א ט א ש א : גוטע יעווא אראנאוונא, נאך ניט צייט אויף איהם רחמנות האבען ? און אויב איהר פאהרט, פאהר איך אויך צוריק. וואוהין וועל איך פאהרען ? קיין ראסיע ? וועמען האב איך דארט ? איך האב נאר ניט געקענט צוזעהען וואס דא קומט פאר. יא! מיר וועלען פאהרען צוריק, מיר וועלען אכטונג געבען און איהם העלפען. און... איך וועל זיך דען קענען שיידען פון איהר ? (וויינט) פון מיין עטי'ן, פון מיין קינד ? וואס האב איך אויסער איהר אויף דער וועלט ? (פאלט עטי'ן אויפ'ן האלז.)

ע ט י : טייערע, גוטע ניאניע, איך האב געמיינט, איך בלייב אליין... און דוא פערלאזט מיך ניט... (וויינען ביידע) ניין ? ניין ?

א פ ר י ם : מחותנ'עסטע! ביילע! נו, און מכח סאפער הא ? איך לויף שוין אראפ (שנעל אב זינגענדיג.)

ח ו ה : נאטאשא, דער אלטער איז געווים הונגעריג, אי, ווער גיט נעבאך אויף איהם אכטונג דארט ? און מיר, מיינסט דוא, איז גוט ? איך געה דאך אוים יעדען טאג וויא א וואקס.

נ א ט א ש א : איהר פאהרט אהיים ? פאטער אין הימעל, וויא גוט דוא ביזט צו אונז, זינדיגע מענשען (זיא און חוה אב. א גלעקיל)

ב י י ל ע : עטיניו, טאכטער מיינע, דוא ווייסט, איך האב דיך ליעב (קושט זיא.)

ע ט י : איך האב שוין אזא גליק, אללע אלטע האבען מיך ליעב

ב י י ל ע : איך בין דען אן אלטע ? שלעכטע דוא. הער, (קוקט זיך ארום) איך האב געוואלט מיט דיר עפים רעדען. (סאמואיל קומט) אה! פון וואנען קומט עס א יוד ?

ס א מ ו א י ל : העללא, עטי, איך האב געהערט, אלבערט איז

דאָ מיט'ן פּאַפּאַ, איך האָב 27 טויזענד מאָל געוואָלט שרייבען אַלבערט'ן און עס האָט זיך ניט געמאַכט. איך קום פון דער אַפּערע, קאַלווע האָט קאַטער, עס געהט ניט קאַרמען, האָב איך צוגענומען מיין געלד צוריק. 10 טויזענד מאָל געבלאָזט, היינט ניט. אי ! ביי דער קאַססע איז אפשר 12 טויזענד מענשען געשטאַנען... 40 פּאָליסלייטע, דריי אַמבולאַנסען, אַ פּאַטרול וואַגען. עס האָט זיך אַבגעטהון.

ע ט י : שפּיעלט מען היינט ניט „קאַרמען" ?

ס א מ ו א י ל : ניין, „דיא מייסטערזינגער"... ווייסט דאָך, ווי איך האָב ליעב וואַגנערן, וואו זיינען זיי, האַ ? (אב אין אנדער צימער.)

ב י י ל ע : עטי, איך קלייב זיך לאַנג מיט דיר רעדען. איך ווייס, דוא ווערסט האָבען יסורים, אָבער מע דאַרף דאָך אַמאָל מאַכען אַ סוף.

ע ט י : „סוף" איז זעהר אַ טרויעריגעס וואָרט, איך וויל פון „סוף" ניט דענקען.

ב י י ל ע : זיא האָלט דאָ דיא מאַמע, נאָר דיא אויגען צו פער־שטעלען און דוא שווייגסט...

ע ט י : וואָס זאָל איך טהון ? זאָ לאַנג איך קען שווייגען, שוויג איך. זיא איז דאָ ניט געווען אַ פיער, פינף מאָנאַט אין נויארק, האָט ער זיך געפיהרט פיעל אַנשטענדיגער...

ב י י ל ע : אי, עטי, דוא זאָלסט וויסען, וואו זיא איז געווען.

ע ט י : נו, וואָס איז מיר דער אונטערשיעד ? זיא איז אָבער געקומען אַזוי געזונד, שעהן.

ב י י ל ע : נו, יאָ, עס האָט איהר וואָיל בעקומען.

ע ט י : וואָס מיינט איהר ?

ב י י ל ע : נאַרר, זיא איז דאָך, (זאָגט איהר עפּיס שטיל אין אויער.)

ע ט י : האַ ? ! פּע ! וואָס רעדט איהר דאָס ?... אַ שעהנער שפּאָס ! איך פערשטיי ניט...

ב י י ל ע : וואָס פערשטייסט דוא ניט ? נאַרר, וואו איז זיא דען געווען ? איך זאָל אַזוי געזונד זיין, — עס לעבט ! זיי

האָבען עס אָבגעגעבען אין, וויא אזוי רופט מען דאָס, א פינד־ליגג הויז... זיא קאָמאַנדעוועט איבער איהם און ער איז א נאַר־נישט... אי! אויב דוא וועסט שווייגען, וועט דערפון, חלילה, גאָט ווייסט וואָס, ארויסקומען שפּעטער.

עטי: (רוהיג) אָה, עס קען ניט זיין...

ביילע: עס זאָל ניט קענען זיין, וואָלט דאָס ניט געווען.

עטי: פון וואַנען ווייסט איהר דאָס אזעלכע נייעס?

ביילע: דיא מחותנת'טע האָט מיר בעשוואוירען איך זאָל קיי־נעם ניט א וואָרט... אָבער זיא ווייסט, יעדעס פּיצעלע... אי! שיינע בשורות...

עטי: דיא מאַמע ווייסט אַלעס? אָה, איך גלויב ניט... דאָס איז שוין צופיעל... (אין טיער) מאַמע, זיי אזוי גוט, אויף איין מינוט (חוה קומט פּריילאך, א פאַרטוך איבער'ן קלייד.)

חוה: מחותנת'טע, מיר מאַכען מיט נאַטאַשאַ'ן לאַדקעס. צו־ליעב דיא געסט וועלען מיר אויך געניסען. וואָס איז, עטי?

עטי: מאַמאַ, זעץ דיך אַנידער, (רוהיג) זאָג מיר, איך בעט דיך, האָסט דוא געוואוסט אז ציליע האָט געבוירען א קינד?

חוה: (ערשראָקען) אי, א שלאָג האָט מיך געטראָפען! מחותנת'־טע!

עטי: איך פרעג דיך: דוא האָסט געוואוסט און געשוויעגען?

חוה: זיא האָט מיך אריינגעשלעפּט... איך וויים דען?...

עטי: דוא האָסט געוואוסט און געשוויעגען?

חוה: אין קרעמענטשוג וואָלט איך פערברענט געוואָרען פון שאַנדע און דאָ... איך וויים, פאַר וואָס דאָ שעמט מען זיך ניט?

עטי: דוא שעמסט זיך ניט און איך שעם זיך! איך שעם זיך, ווען איך האָב געוואָגט מיינען, אז קיין אונגליקליכערע פון מיר איז ניטאָ אין דער וועלט!... געגען מיין פּאַפּאַ בין איך נאָך א גליקליכע. איך לעב מיט גרעגואַר'ן קאַרגע צעהן יאָהר און ער האָט מיט דיר, מיט אזאַ פרוי וויא דוא, געלעבט זיין גאַנצעס לעבען!

ח ו ה: זעהסט, אויף מיר נאך דעם בלבול. (א געוויש) דיא מאמא דארף אלץ אויסשטיין.

ב י י ל ע: ששו דער מחותן געהט (ראפאיל און אלבערט צוריק).

ר א פ א י ל: קיין טערפעטין ניט געקראגען... שטריק... קארבאליק עסיד (שטעלט עס אויף דער פיאנא) מחותנת'טע, איך בעט אייך, פארזיכטיג, עס איז קארבאליק... וואס איז, עטי?

ע ט י: גאר נישט... דיא מאמא וויל מיט דיר פאהרען צוריק אין דער קאנטרי... זיא איז מודה, דאס זיא האט זיך געפיהרט זעהר מיאוס און נארריש... זיא זאגט, א פרוי וואס האט אליין קיין שכל ניט צו לעבען איז נאר דאן א שטיקעל מענש, ווען זיא איז אונטער דעם שוץ פון אזא מאן, וויא דוא, פאפא (ווערט אלץ מעהר אויפגערעגט) זיא וויל וויינען און קושען דיינע פיס (וויל חוה'ן מיט געוואלד איינבויגען.)

ר א פ א י ל: (בעפרייט דיא ערשראָקענע חוה) וואס טהוסט דוא? דוא דארפסט ניט רעכענען מיינע חשבונות מיט איהר... דיין מוטער איז זיא... דרך ארץ, דוא!

ע ט י: (נערוועז) גאר נישט, פאפא, חא! חא! חא! עס איז מיר עפּיס אזוי איינגעפאלען א שטיקעל משוגעת... קומט עסען... דיא מאמא האט צוליעב דיר געמאכט לאדקעס. אלבערט, אנקעל סאמואיל איז דארט. (אלבערט ראש אב.)

ח ו ה: (פלוצלונג מיט א יאממער) ראפאיל, האב רחמנות, נעם מיך צו פון דאנען! איך קען ניט איבערטראגען קיין צרות.

ע ט י: יא, האסט אבגעלעבט דיין לעבען אהן צרות!...

ר א פ א י ל: וואס זשע וויינסט דוא, אלטער נארר? איך וועל דיך ניט געהן בעטען, דוא זאלסט פאהרען אהיים, דאס וועלען מיינע שונאים ניט דערלעבען! נאר אויב דוא ווילסט צוריק, נו... וויא געלעבט, אבער דאך אבגעלעבט אזוי פיעל יאהר... דאס גאנצע לעבען אין איינעם אבגעלעבט... איין גאטט ווייס, וויעפיעל איך האב דיר פערצייהט, נאר דערפאר וויל דוא ביזט געוועזן דיא מוטער פון ראפאיל פרידלענדער'ס קינדער... און עס קען זיין, גאטט אליין ווייסט אויך ניט, וויעפיעל דוא ביזט מ י ר

שולדיג דערפאר (טרערען) וואס מיינע קינדער זיינען מעהר דיינע, וויא מיינע... זאגאר עטי... ניין! ניט דאס האב איך פון זיי ערווארטעט. נאר יעצט איז שוין שפעט צו רעכענען זיך... עס איז ניט גרינג אויף דער עלטער בלייבען אליין... (פארדעקט זיין געזיכט און שווייגט לאנג) טשארט וואזמי, וויא גרינג איז אמעריקא צובינדעט זיך אללעס, וואס דארט איז געווען פערבונדען אויף עוויג... (עטי האט ניט געהערט דעם פאטער'ס רעדען; געזעסען פער־טראכט.)

א פ ר ים: (אין טהיר) מחותן, נו? איך האב געקריגען א פלאש בראנדי אין „גים דור" (אללע אב, אויסער עטי'ן.)

ע ט י: ניין, איך דארף זיך פריהער בערוהיגען, אז ניט וועט זיין שלעכט... הם!... איך דארף זיי דא ניט בעגעגענען, איך האב מורא, איך וועל ארויס פון מיין ראללע.. דער סוף קומט!... דיא ענדע! דיא ענדע! ארעמער פאפא, א שעהנעם עלטער דער־לעבט... א שעהנעם נחת פון קינדער... צוויי טעכטער! הא! הא! הא! ביידע! וויא קומט צו אזא פאטער אזעלכע קינדער? (אלבערט און סאמואיל אריין.)

א ל ב ע ר ט: מאמא, קום אהין! (זיא בלייבט זיצען אונבעוועגליך. אלבערט עפענט בגניבה דעם זיידענס סעטשעל.) אנקעל סעם, שש! זעהסט, דער גרענדפא פיהרט עם שטענדיג מיט זיך (ציינט א רע־וואלווער, עטי גיט א קוק.)

ס א מ ו א יל: (בייגט זיך אן, גיט א קוק) לעג אוועק, ער איז אנגעלאדען. (לויט) עטי, מע האט דיך 157 מאל גערופען אהין! (מע קלאפט) ווער איז דאס? קאם אין! (גרעגואר און ציליע קומען צוריק פרייליכע.)

ג ר ע ג ו א ר: זעהסט, איך האב דיר געזאגט, זיא וועט זיצען דא און ווארטען. אז איך האב געהייסען ווארטען, וועט מען ווארטען!

ע ט י: (זיצט רוהיג) וואו זיין איהר דאס געווען, אין דער אפערא?

גרעגואר: א נייעס נו! וואו דען? געווים אין דער אפערא.

עטי: וואס האט מען געשפיעלט? קארמען?

גרעגואר: דאס געפעלט מיר, זא וואהר איך לעב, חא! חא! חא! געווים קארמען. וואס איז? דיר געפעלט ניט די אפערא?

ציליע: אך, וויא דיא קאלווע האט געזונגען (זינגט קארמענ'ס אריע און טאנצט) זיא האט זיך איבערטראפען.

עטי: עס איז א ליגען! מע האט ניט געשפיעלט קארמען, קאלווע האט ניט געזונגען און איהר זייט ניט געוועזן אין דער אפערא... עס איז א ליגען!

גרעגואר: (בייז) וואס איז דאס פלוצלונג פאר א טאן עפיס, דוא!... מיט וועמען רעדסט דוא דאס?

סאמואיל: איך גיב אייך 29 טויזענד בעווייזע, אז מע האט ניט געשפיעלט קארמען... מע האט געשפיעלט „מייסטער־זינגער.“

גרעגואר: אה! ער? געפונען וועמען צו גלויבען, זא וואהר איך לעב...

סאמואיל: איך ווייס, וויא איך בין א יוד, איהר האלט מיך פאר א ליגנער... איך זאג א ליגען, וויל אבער קיינעם ניט בעטריגען... איהר זייט אן אמת'ער מענש און איהר זייט א בע־טריגער! נאט... אט איז אנאנסירט אין דיא איוונינג פייפערס... קאלווע איז קראנק... קארמען געהט ניט... (צייגט איהם א צייטונג.)

ציליע: זעה נאר וויא ער האט זיך דערשראקען! אויך מיר א מאן! וואס איז דארט אזוינס? מיר זיינען טאקי ניט גע־וועזן אין דער אפערא? וואס זיינען מיר קינדער? מיר דארפען אבגעבען חשבון וואוהין מיר געהען?

אלבערט: (בייז) אי! ווען איך זאל איצט זיין א גרויסער, וואלטען זיי צו דער מאמע אנדערש גערעדט!

עטי: אלבערט געה אהין! סאמואיל, זאלסט דארטען ניט פלאפלען (פיהרט ביידע ארויס און מאכט צו דיא טהיר) ניין! איצט אבגעבען דין וחשבון איז שפעט... וואס איז דארטען —

יא אפּערא, ניט אפּערא. איך וויל אייך נאָר זאָגן: דאָס איז גע־
וועזן אייער לעצטער ליגן, איהר וועט ניט לייגן מעהר!

גרעגואר: שש! דער אַלטער איז דאָרט? הער, עטי, דוא
ביזט שטענדיג א גוטע... איך בעריהם זיך פאַר מיינע בעקאַנ־
טע, מיין פרוי, זאָג איך, גיט מיר שטענדיג פוללע פרייהייט.

ציליע: נו, הויב זיך אָן מיט איהר קושען און האַלזען פאַר
מיר אין דיא אויגען!

עטי: (שמייכעלט) ביזט אייפערזיכטיג, הא? זאָג מיר בעסער,
ציליע, האָסט דוא מיר אמאָל ניט געגעבען דיין עהרענוואָרט,
אַז...

ציליע: האָסט זיך נאָך ניט פערגעסען?

עטי: דוא האָסט זיך ניט געקענט פערגעסען, אַז איך האָב
אמאָל געהאַט א קינד.

ציליע: (פרעך) אַה, יא! דאָס געדענק איך...

עטי: געדענקסט? נו, און אַז דוא האָסט געהאַט א קינד, גע־
דענקסט דוא? (ציליע ערשרעקט זיך) איך בין געוועזן פריי,
איך האָב געגלויבט מיין קינד'ס פאָטער וועט זיין מיין מאַן און
בין דערנאָך פאַר דעם קינד געגאַנגען ליידען און פּלאָגען זיך. פאַר
דעם קינד האָט מען מיר יעדע מינוט געשטאָכען דיא אויגען, פאַר
דעם קינד האָסט דוא מיך פיעל מאָל ערנידריגט, גענומען א רעכט
דעם אנדערן פערפאַלגען פיר זיינע זינד, האָסט דוא אַליין גע־
דאַרפט אַבהיטען זיך פון געמיינהייטען און פערברעכען. מאַדאַם,
דוא האָסט געהאַט א קינד פון דיין אייגענער שוועסטערס מאַן,
וואו איז דאָס קינד? ביזט מוטער? געה פּלאָגען זיך, געה זיין
געפּאַלטערט און געמאַטערט, געה ליידען פאַר דיין קינד!... דוא
האָסט געמיינט, וועסט זיך אַבלעבען אָט אַזוי דיין גאַנצעם לעבען
מיט אפּערא, געזאַנג און ליעגען?!... אוים געזאַנג! דער שרעק־
ליכער סוף קומט!

גרעגואר: שש! עטי, איך בעט דיך, נאָר דעם איין מאָל זיי
א גוטע. דוא וועסט זעהן...

ע ט י: דערווייל רעד איך נאך ניט צו דיר! ציליע, וואו איז דיין קינד?

צ י ל י ע: איך בין ניט קיין קרעמענטשוגער מויד, איך וועל זיך ניט געהן פערבינדען דעם קאפ!

ע ט י: אזוי? ווילסט זיך ניט פערבינדען דעם קאפ, הא? ציליע, איך האב דיך געבעטען: זעה, זאלסט קיין חרטה ניט האבען, זעה, זאלסט קיין חרטה ניט האבען... איך האב מורא, דוא וועסט איצט חרטה האבען! (ציטערט פון אויפרעגונג.)

ג ר ע ג ו א ר: עטי, דוא ווייסט אליין, אז איך האב דיך ליעב... אלע פרויען דער וועלט מעגען קרעפירען פאר דיר. נאר דוא ביזט מיר טהייער... געוויס, איך טהו אמאל א דומהייט... אלע מענער טהוען דאס, אללע! זא וואהר איך לעב! אבער נאר דוא ביזט מיר טהייער, נאר דוא ביזט טאקי מיינע!

ע ט י: דיינע! איך וויים, וואס הייסט דיינע! דיין אייגענטהום! מיין קערפער געהערט דיר! מיין קערפער האט דיר געהערט זינד איך בין געבוירען געווארען און וועט דיר געהערען ביז איך וועל שטארבען! ווען דוא דארפסט מיין קערפער, האסט דוא מיך ליעב! ווען דוא האסט מיך ליעב, הייסט עס, דוא דארפסט מיין קערפער! דוא זעהסט מיך אבהיטען, איך בין דיר טהייער, וויא יעדעס אייגענטהום ביי יעדען אייגענטהימער!. מיין קערפער האט דיך אינטערעסירט, מיין זעעלע אבער האסט דוא יעדען טאג צעהן מאל ערמארדעט! מיינע מענשליכע געפיהלע האסט דוא יעדען אויגענבליק געטראטען מיט דיא פיס! כמעט צעהן יאהר געלעבט מיט דיר, און דוא האסט מיך אויף איין מינוט ניט בעטראכט אלס מענש, נאר אלס פרוי, אלס ווייב, אלס דיענסט! האסט ניט געוואלט און ניט געקענט מיך פערשטעהען. האסט ניט געוואלט און ניט געקענט וויסען וואס איך האב פאר דער צייט איבערגעפיהלט. איך האב פערשפראכען צו דולדען און שווייגען, — האב איך געשוויעגען און ערטראגען מעהר וויא איך האב געדארפט! ... גענוג! בעלאגען, בעטראגען און ערנידעריגט וועל איך שוין ניט זיין מעהר! ניין! מעהר ניט!...

צ י ל י ע : דו ווייסט פון וואנען זיא האט אנגעכאפט דיעזע גע־דאנקען? חא! חא! עס איז פון קרייצער סאנאטא.

ע ט י : ציליע, לאז איצט ניט! (פערווירט) איך זאג דיר, לאז ניט!

צ י ל י ע : אז דו ביזט פארט אזוי קאמיש... חי, חי!

ע ט י : איא? איך בין קאמיש? איך האב מורא, איך וועל מור־זען זיין טראגיש. דו געדענקסט דיא „קרייצער סאנאטא"? גע־דענקסט דוא אבער וויא דוא האסט דעם פאפא געזאגט, ווען מיר האבען הערר גרעגואר פידלער ערווארטעט צום ערשטען מאל, דאס דו ביזט זעהר אייפערזיכטיג, דוא וואלסט ביידען צושניטען אויף שטיקער, אבער עטי איז א מענש אהן א גאל, הע! איהר האט ביידע געמיינט, אז איך בין ווירקליך א מענש אהן א גאל און איהר האט אייך צופיעל ערלויבט, ניט אלע מאל וועל איך שווייגען און ניט אלעס וועל איך ערטראגען!

(קוקט זיך אום און חאפט דיא פלאש מיט קארבאליק און גרייפט אן ציליען.)

ג ר ג ו א ר : (זיצט פון דער ווייט, פארדעקט זיין געזיכט, זעהט ניט, וואס עס קומט פאר) אי, איך האב מורא, עס וועט ארויס א סקאנדאל, עס וועט ארויס א סקאנדאל. עס קען זעהר שאדען מיין נאמען...

צ י ל י ע : וואס איז דאס? וואס ווילסט דוא טהון?

ע ט י : דאס איז קארבאליק! איך וויל דיך פערברענען! איך וועל אויסברענען דיינע אויגען. זאלסט ניט קענען קוקען אויף פרעמדע מענער! איך וועל דיר פערקריפלען דיין געזיכט, יעדער מאן זאל אויף דיר קוקען מיט עקעל און אבשוי! אז דוא וועסט ניט זיין מעהר וייב, וועסט דוא זיך דערמאהנען דאס דוא ביזט מור־טער! (קען בשום אופן ניט עפענען דיא פלאש.)

צ י ל י ע : לאז מיך! לאז מיך! (ראנגעלט זיך) גרעגואר!

ג ר ע ג ו א ר : עטי! דוא שרעקסט מיך! (ער און ציליע ראנגלען זיך מיט איהר לאנג און רייסען ענדליך ארויס דיא פלאש פון איהר האנד.)

עטי: דאס וועט אייך ניט העלפען! קיין זאך וועט אייך יעצט ניט העלפען! (חאפט ארויס פון סעטשעל דעם רעוואָלווער און ציעלט אויף דער שוועסטער.)

גרעגואר: אונגליקליכע, וואס ווילסט דוא טהון? (שטעלט אויס דיא האנד, זיא שיסט איהם, ער פאלט, דאן שיסט זיא ציליען, ציליע פאלט און עטי שיסט אלע פינף קוילען אויס, וויא א פערווירטע, דיא לעצטע קוילען שיסט זיא אויס ווען אלע זיינען שוין אין צימער... בוילע און אפרים לויפען צו גרעגואַר'ן. חוה לאָזט זיך אראָפּ אויף דער ערד לעבען ציליען. סאמואיל האלט דעם ערשראָקענעם אלבערט'ן. ראפאַ־איל און נאטאשא געהען צו עטי'ן.)

עטי: פּאפּא, איך האב ניט געקענט מעהר. (לאָזט ארויס פון איהרע הענד דעם רעוואָלווער.)

ראפאיל: איך האב לאנג מורא געהאט, דוא וועסט דאס טהון... עטי, מיין ארעם קינד. (אומארעמט זיא און וויינט) האר אויס, לאָז מיך זעהן... (בייגט זיך אן צו גרעגואר'ן.)

גרעגואר: און דאך, עטי, איך שווער דיר, איך האב דיך ליעב געהאט... פאר מיין טויט, שווער איך דיר. (אגאניע.)

נאטאשא: (וויינט) דיטיאטקא, קינד מיינס, וואס האבען זיי געמאכט פון דיר?

עטי: (פאלט נאטאשאן אויפ'ן האלז) ניאניא! מיינע געדאנקען מישען זיך, מיין קאָפּ איז צודולט, אין דיא אויגען שווינדעלט. אלעס וואנקט אונטער מיר. מיר ווייזט זיך אויס, איך זינק! איך זינק!... (שרייט אויסער זיך) אי, ניאניא! ניאניא! ניאניא!

פארהאנג.

דיא אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק

# די אמת'ע קראפט

דראמא אין 4 אקטען

פון

יעקב גארדין



ארויסגעגעבען פון
די אינטערנאציאנאלע ביבליאטהעק פערלאג קאמפ.
ניו־יארק.

## פערזאָנען:

דאָקטאָר יעווגעני גאָלדענוויזער, א געזונטער מאַן, טראגט אַ לאַנגזן באָרד, גראָלעך, 45 יאָהר אַלט.

אָליע, זיין טאָכטער פון דער ערשטער פרוי, 11 יאָהר אלט.

מארק, זיין ברודער, אַ בוכהאַלטער אין אַ באַנק, 30 יאָהר.

דבורה, זייער מוטער (מען רופט זיא „מאַדאַם"), טראגט ברילען, 65 יאָהר אַלט.

שמשון־דוד זרחי, אַ לעהרער אין תלמוד תורה, האט אסטמע, 45 יאָהר.

שרה הינדע, זיין פרוי, דיזעלבע יאָהרען

פאניע, זייער טאָכטער, שפּעטער דעם דאָקטאָר'ס צווייטע פרוי, 20 יאָהר.

פייוועל פומפיאן, א וואיענער פעלדשער, 25 יאהר אלט.

אבראם חיוטין, אָליע'ס לעהרער, קורצזיכטיג, טראגט ברילען, 25 יאָהר.

ערשטע ארעמע פרוי.

צווייטע ארעמע פרוי.

דיענסטמיידעל, ארעמע פרויען, בוקיניסט.

עס קומט פאר אין איינער פון די גרויסע ליטווישע שטעדט אין רוסלאנד אין אונזער צייט.

# ערשטער אקט.

דר. גאָלדענוויזער׳ס הויז. אַ גרויס צימער, איבערגעטיילט מיט פּאַרטיערען. אין דער ערשטער האַלב דעם דאָקטאָר׳ס קאַבינעט, שאַפּעס מיט ביכער, אינסטרומענטען, אַ וואַש־טישעל, א. ז. וו. אין דער צווייטער אבטיילונג אַ קליידער־שאַפּע, אַ פּיאַנא, וויכע מעבעל, וויענער שטולען, אַ טיש אַלץ אין אַ גרויסער אונאָרדנונג. ווען אַ פּאַציענט קומט, אדער דער דאקטאָר וויל בלייבען אליין — פערציהט מען די פּאָרטיערען.

פּ י י ו ו ט ל. (פּוצט אַ קאסטיום מיט אַ קליידער־בערשטעל).
ווער וועט גלויבען, אז איך, פּייוועל פּומפּיאן, וועל טון אזא אר־בייט — פּוצען פרעמדע הויזען גאָר! און דאך, איהר זעהט דאָך! (פּוצט מיט מעהר ענערגיע). הויזען פּוצען געהערט אויך צו דער מע־דעצין. פערשטאנען? ווארום דער דאקטאָר קומט פון א דיפטעריא און וועט מוזען איבערבייטען די קליידער. באצילים דיפטעריקא! (מען קלינגט). אהא, פּאציענטען! (לויפט עפענען, קומט צוריק מיט אַ בוקיניסט, וועלכער ברענגט פיעל ביכער). ווידער ביכער פאר׳ן דאקטאָר? לעגט אנידער אָט דאָ, איך וועל איהם זאָגען. האָט א גליקליכען תמיד... (בוקיניסט אב). נאר ער קויפט ביכער, דער דאק־טאר. אז מע ווייסט שוין, ווי צו זיין א דאָקטאָר, נאָך וואס, דאכט זיך, דארף מען נאָך עפּיס וויסען? אי, וויפּיעל ביכער עס איז דאָ אויף דער וועלט! עס זאָל ניט זיין אזוי פּיעל ביכער, וואָלט ניט געווען אזוי פּיעל גראבע יונגען! (פּוצט דעם ראָק). אהא, ביי׳ם דאק־טאָר׳ס פּידזשאק פעהלט א קנעפּעל. מיר דאכט זיך, איך האָב ערגיץ ביי זיך א קנעפּעל. נו׳ם איך איהם צונעהען, ווארום אז ניט איך, ווער דען? (געפינט ביי זיך אַ קנעפּעל, אַ נאדעל מיט א פאדעם און

נעהמ). דער דאָקטאָר האָט זיך היינט פערשפּעטיגט אין שפּיטאָל. די קבצנים טאַסקען איהם ווי דער רוח דעם מלמד... מע וואַרט אין שפּיטאָל אויפ'ן הלאַוונעם דאָקטאָר און וואו איז ער? ביי אביונים. מע דאַרף מאַכען אַן אָפּעראַציע און וואו איז ער? ביי דלפנים... און אָהן איהם הויבט זיך ניט אָן און לאָזט זיך ניט אויס. א קליי־ניגקייט דאָקטאָר גאָלדענוויזער! (אליע עפענט אויף אַן אינערסטע טיר).

אליע. מוסיו פּומפּיאַן, איז דער פּאַפּאַטשקע שוין דאָ?

פּייוועל. ניין, אליע, דער דאָקטאָר איז נאָך ניטא. (אליע אָב צוריק). איהר הערט? איך בין מוסיו פּומפּיאַן... פריהער גע־ווען א צירולניק, אַז מען האָט מיך גענומען אין סאָלדאַטען, גע־ריבען זיך דאָרט לעבען פעלדשעריי, און איצט שטודיר איך אויף א ריכטיגען פעלדשער, פערשטאַנען? דער דאָקטאָר לערנט מיך ווי אַן אייגענעם און צאָהלט מיר ווי א פּרעמדען. א גוטער מענש — איך האָב איהם ליעב, און דאָס קנעפּעל וועט מען ניט אָברייסען אפילו מיט די ציין. מען דאַרף לערנען, ווי מען קריגט א קערבעל פאַר א קרענק — שווער! (לערנט). דוקטום אַרטעריאָזום, בולבום (מען קלינגט). ווידער ניט דער דאָקטאָר; ווי ער האָט זיך פער־שפּעטיגט! (לויפט עפענען). בולבום אַרטע... (אָב).

אליע. (עפענט ווידער די טיר). איז דאָס דער פּאַפּאַטשקע געקומען? (פּייוועל מיט אַן אַרעמע פרוי, אליע אָב צוריק).

אַרעמע פרוי. אי, דער דאָקטאָר האָט אודאי פאַר־געסען.

פּייוועל. דאָקטאָר גאָלדענוויזער פאַרגעסט ניט. דאָ איז די מיקסטורע פאַר אייער מאַן. דער דאָקטאָר האָט אליין בע־צאָהלט אין אַפּטייק. מען קען גליקליך ווערען פון אַזעלכע גע־שעפטען. יעדע שעה א לעפעל, א סוף־לעפעל. פערשטאַנען?

אַרעמע פרוי. וואָס הייסט פערשטאַנען, וואָס דען? זאָלט איהר מיר געזונד זיין, איז ווי אַזוי זאָל ער נעמען, מיט א לעפעל סוף, הא?...

פ י י ו ו ע ל. דאָ איז שוין דאַ סוף... אקווא דיסטילאטא... און דאס איז פאר'ן קראנקען א לייבעל מיט ווארעמע זאַקען. דער דאָקטאָר האָט עס פאר איהם געקריגען... האָט א גליקליכען תמיד... (גיט איהר א פעקעל זאַכען).

א ר ע מ ע פ ר ו י. אי, הלואי קומט מיר אַן א חלק פון זיינע ברכות... (אב).

פ י י ו ו ע ל. ער וואקסט אין דער לענג און אין דער ברייט פון אייערע ברכות! (זוכט אין די קעשעניעס פון דעם אויסגעפוצטען קאָסטיום). איהר זעהט? אין די הויזענקעשעניעס האָט זיך ביי איהם פערוואלגערט א רובעל, אין זשילעט זילבער געלד. ער האָט פיינט פיהרען חשבונות. (לעגט דאס געלד אויפ'ן טיש) מען דארף זיין שטארקער פון אייזען, מען זאל דא אין שטוב קיין גנב ניט ווערען... (לערענט) בולבוס ארטעריאָזוס. (מען קלינגט שטארק), אהא! ענדליך דער דאקטאָר. (געהט עפענען. אליע לויפט אריין מיט אַ בוך אין האַנד).

א ל י ע. דער פאפאָטשקע איז געקומען! דער פאפאָטשקע! (מען הערט דעם דאקטאָר'ס מוטיגע שטימע).

ד א ק ט א ר. (אין קארידאָר). קאלעגא פומפיאן, איך האָב מיך פערשפעטיגט, ווי א פשע ישראל. (ער קומט מיט א סאק־וואיאזש, נאך איהם פייוועל. אליע לויפט צו'ן איהם). צוריק! דו גזלן! מען טאָר ניט! (שטרעקט אויס ביידע הענד). ליאליעטשקע, מען דארף זיך פריהער דעזינפיצירען... ברודער פומפיאן, זיי אזוי גוט. (ווארפט פון זיך זיין ראק, גיט עס פומפיאַנען, יענער טראגט עס ארויס. געהט צו א וואש טישעל, וואשט זיך, רעדענדיג לעבהאפט) נו, ווי געהט עס, ליאליע האָבען מיר היינט מוזיצירט? געלערענט די עטיודען, הא? (וואשט זיך). ניט געפוילט זיך? טאקי? בראווא! קאלעגא פייוועל, דו ווייסט ניט, ווי גוט איך פיהל זיך. דער קראנקער שניי־דער, דו ווייסט דאָך, ניט געשטאָרבען.

פ י י ו ו ע ל. דער וואס האָט געהאט אולקוס ווענטריקולי? ניט געשטאָרבען? דאס קאָן זיך טרעפען נאָר מיט א שניידער.

ד א ק ט אָ ר. ניט געשטאָרבען, ניין! דער מלאך המות זאָגט: גיב מיר דעם שניידער. און די מעדיצין זאָגט: א פייג ווילסטו ניט? כא! כא!... איך מוז שוין פאָהרען אין באָלניצע און, אי, איך שטארב שטאַרב עסען. ליאַליע, וואו איז אונזער מאמא? געה, זיי מיין מליץ יושר... בעט, זי זאָל מיך ניט לאָזען אויסגעהן פון הונגער. (ליאָליע אב). פומפיאן, דאָרט ליעגט דער מעדיצינישער זשורנאל, מיין ארטיקעל איז געדרוקט וועגען דעם, „איז דער מאָ־גען א פאראזיט צו ניין?“ אוי, מיין פאראזיט וויל א ביפשטעקס מיט א טעלער סופ. (פומפיאן נעמט דעם זשורנאל און קוקט, דער דאָקטאָר ווישט זיך). הא? דער בוקיניסט האָט געבראכט ביכער... בראוואָ! א גוטער יונגאטש דער בוקיניסט. (פייוועל שפריצט אויף איהם פון אַ פולווערידזאטאָר. דאָקטאָר קוקט איבער די בי־כער. אליע און די מאָדאַם קומען). מאמא, ענטשולדיג, וואס איך האָב דיך בעמיהט. איך וויל פשוט פרעגען: איז דאָ וואס צו קייען? פומפיאן, זיי אזוי גוט, לויף נעם מיר א דראָשקע. (פומפיאן אב. מען הערט באַלד, ווי ער שרייט פון קארידאָר: ע! איזוואָזשציק!). אליעטשקע, עס איז ערלויבט! (כאַפט זי אויף די הענד און קושט).

מ א ד א ם. יעווגעני, ווילסט גאָר עסען? דיר זאָל ליגען אין זין אזא נארישקייט? דיין מיטאג איז שוין לאנג קאלט, און די קעכין איז אוועק צו גאסט. אליע, וואס גיט מען איהם קייען, הא?

א ל י ע. אָה, ארעמער פאפאָטשקע;

ד אָ ק ט אָ ר. (קוקט איבער די ביכער מיט פרייד). די ערשטע אויסגאבע? בראוואָ!... מאמא, גאר נישט ניטאָ? א שטיקעל קאלטע פלייש, א ציבעלע, א הערינג, א קאטשקע, אן עפעל, א געבראָטענער אינדיק, א וואס עס איז? פומפיאן, זיי א גוטער ברודער און שלעפ אהער, וואס דו וועסט דאָרט געפינען. (פומפיאן אב אין א אינערסטע טיר). און, מיינע צוויי טייערע דאמען, איהר זייט רוהיג, הא? און אז איך דערמאָן זיך, וואס איך וועל אייך

היינט מוזען דערצעהלען... אָבער ניט איצט ,שפּעטער. (זוכט אין שאַפע). מאמא, ווייסט ניט, איך האָב ערגיץ א ריינע נאָזטיכעל?
דאס, וואס איך וויל אייך זאָגען, איז א גרויסער סעקרעט.

מ א ד א ם. איך ווייס ניט, אויב דו האָסט א נאָזטיכעל... דו דארפסט א נאָזטיכעל צום נאָז, אדער צום סעקרעט? ווענען ווילסטו דאס די נאָז אבווישען? (פּומפּיאן ברענגט אויף אַ טעלער אַ שטיקעל קאלטע פלייש, א גאָפּעל און אַ מעסער, ברויט, אַ וואזע מיט עפּעל און אַפּעלסינען).

ד אָ ק ט אָ ר. עס קען זיין, איך וועל זיך אליין אבווישען די נאָז... (ערנסט). אוי, איך זאָל פאר אייך ביידע ניט מורא האָבען, וואָלט איך אייך שוין אויסגעזאָגט... שפּעטער! שפּעטער! (טוט אָן דעם ראָק, וואס פּייוועל האָט אויסגעפּוצט). זעה נאר, איין קנעפּעל אַ גרינער און די איבריגע שווארצע. פע! דאס איז א בעליידיגונג פאר דער מעדעצין. (טוט אויס און זוכט אין שאַפע אן אַנדער ראק).

פּ י י ו ו ע ל. איך האָב ניט געהאט קיין שווארצען, האָב איך צוגענעהט א גרינעם... אז מען האָט ניט קיין בינינום מוריאַטיקום, גיט מען בינינום סולפוריקום. פערשטאנען?...

ד אָ ק ט אָ ר. יא, ברודער, פערשטאנען. בינינום סולפוריקום. (טוט אָן אן אַנדער ראָק). מען קען נאָך געפינען ביי מיר אַ ראָק מיט קנעפּלעך. הא? דער ארבעל איז א ביסעל אבגעטרענט. ליאליע, אז איך הויב אויף די האנד, זעהט זיך דאס ווייסע העמד?

א ל י ע. יא, פּאַפּאַטשקע, עס זעהט זיך א ווייסע זאך...

ד א ק ט א ר. א ווייסע זאך? א שלעכטע געשיכטע. איך וועל זיך מוזען אָבהיטען און ניט אויפהויבען די האנד.

פּ י י ו ו ע ל. איהר וועט זיך אבהיטען? גיט איך וועל אייך בעסער צושטעכען מיט א שפּילקע. (שטעקט צו). אין לעטיין וועט עס הייסען: שפּילקום שטעכאטום.

ד א ק ט אָ ר. שפּילקום שטעכאטום? דאס איז וויטעבסקער

לעטיין. נו, איך כאפ א ביים און לויף. (עסט). אליע, קענסטו דיינע לעקציאָנען? דיין לעהרער, דער שטרענגער חיוטין...

מ א ד א ם. יעווגעני, איך האָב זי אויסגעהערט, זי קען ווי א וואסער... דעם טאטענס טרפהנער קאָפּ.

ד א ק ט אָ ר. קליינער רוח'ל! נו, און וואס לעזען מיר? (עסט און קוקט אין איהר בוך). ראבינזאָן קרוזאָ? א שיינע געשיכטע, הא? וועסט מיר דערצעהלען פון אָנהויב. (עסט איילענדיג). פּומפּיאן, וועסט נעמען אלע מיינע באקטעריאָלאָגישע פּרעפּאראטען און... (מען קלינגט. פּומפּיאָן אב. מען הערט א פרויענשטימע).

פּ ו מ פּ י א ן. (אין קארידאָר). איך זאָג, איהר קענט איצט דעם דאקטאָר ניט זעהן...

פ ר ו י. אוי, טאטינקע מיינער, הארצעלעך...

ד א ק ט אָ ר. (עפענט די טיר). לאז זי אריין, פּומפּיאן. — נו, וואס איז דאָרטען?

פ ר ו י. מיין עלטערער זוהן, דאקטאָר... ברענט ווי א פייער, רעדט פון היץ. טאטינקע דאקטאָרעל, פריהער אויף גאט און נאכדעם אויף אייך...

ד א ק ט אָ ר. קאלעגא, דאס איז מאָרבוס פּאופּערום... זיי האָבען ניט וואס צו עסען, ווערען זיי פערצעהרט, האָבען ניט מיט וואס צו הייצען, ברענען זיי פון היץ. גאָט פערזארגט זיי. איך וועל זיין ביי אייך... פּומפּיאן, פערשרייב איהר אדרעסא. (עסט).

פּ ו מ פּ י א ן. נו, וואו וואוינט איהר דאָרטען?

פ ר ו י. אומשטיינס געזאָגט, וואו וואוין איך? (זיי רעדען שטיל).

ד אָ ק ט אָ ר. מאמא, די זאָלסט זעהן, וואס עס טוט זיך יעצט ביי די קבצנים. ביי אנדערע איז איצט דער סעזאָן פון טעאטער, אפּערא, קאָנצערטען, באָל־מאסקאראדען, און ביי זיי איז איצט דער סעזאָן פון סקארלאטין, טיפוס, דיפטעריא, אינפלוענציא, פּנעוומאָניא... דאנקען גאט, די מעדיצין האָט זיך ניט צו בעקלאָגען.

פ ו מ פ י א ן. נו, געהט און דולט ניט דעם קאָפּ. האָט א גוטען תמיד.

פ ר ו י. טאטינקע, דאקטארעל, פערגעסט זשע ניט, למען השם...

פ ו מ פ י א ן. זיי לאָזען איהם ניט רוהען, ניט עסען, ניט שלאָפען. די ערגסטע נאציע אין דער וועלט זיינען ווייבער.

ד אָ ק ט אָ ר. איך פערגעס ניט, אז איך זאָג צו.

פ ר ו י. אוי, טאטענקע, דאקטאָרעל! (קוקט אויף דער וואַזע מיט פרוכטען).

פ ו מ פ י א ן. נו, וואס איז שוין ווידער? איהר פערשלעפטע קרענק.

פ ר ו י. אוי, מיין קראנקער זאָל האָבען איין אפּעלציין... איצט, נאָך סכות אן אפּעלציין... פאטער מיינער... ער האָט געבעטען און איך האָב ניט...

ד א ק ט אָ ר. און איהר האָט ניט! דאס איז א גרויסע עולה... מען דארף האָבען. אן אפּעלציין, הא? (נעמט די גאַנצע וואזע מיט פרוכטען). גבאי'טע, האלט דעם פארטוך. (קערט איבער אין איהר פארטוך אלע פרוכטען). אבער זעהט, די עפּעל זאָלט איהר פריער אבבאקען... גיט איהם ניט קיין רויע עפּעל... (פּומפּיאָן פיהרט זי אב). זעהסט, ליאָליעטשקע, עס איז דאָ אונגליקליכע מענשען, ביי וועלכע אן אפּעלסינע איז א גאנצער לוקסוס... מעהר ניטאָ וואָס צו עסען? פּערגעסען זיך איבערלאָזען אן עפּעל. נו, בערוהיגט א ביסעל דעם מאָגען און צו דער ארבייט... פּומפּיאן, א דראָשקע איז דאָ? איך פאָהר. מאדאם גאָלדענווייזער, אדיע. (קושט זי). פריילין גאָלדענווייזער, האבע די עהרע. (קושט איהר הענטעל. נאכדעם אומאַרמען זיי זיך). אוי, אז איך דערמאָן זיך, וואס איך וועל אייך היינט דארפען זאָגען, קריג איך אזא פיבער, אז איך האָב מורא, איך וועל אליין דארפען שיקען נאָך א דאָקטאָר. מען קען ניט בעמערקען מיין ארבעל? (הויבט אויף זיין האַנד). ברודער פּומפּיאן, אויפּס ווידערזעהן. מען זעהט ניט? דיין שפּילקום שטע־

כאטום איז גוט, הא? אדיע, אדיע. (כאַפּט זיין סאַק־וואַיאַזש, ראַש אב. פּיווועל בעגלייט איהם. אליע לויפט צום פענסטער און מאַכט מיט'ן האַנד).

מ א ד א ם. איך ווייס, יעווגעני איז א מענש אָהן סעק־רעטען... וואס קען דאָס זיין ביי איהם? (פּיווועל קומט). פּומפּיאַן, דו ווייסט ניט דעם דאָקטאָר'ס סוד? ביזט דאָך זיין אבערהאָפ־מייסטער?

פ י י ו ו ע ל. מסתמא עפּיס וועש אדער קליידער פאר א קבצן. ע! (לערנט). דוקטום ארטעריאָזום... (ביסלעכווייס ווערט דונקעל. מען קלינגט).

א ל י ע. (ביי'ם פענסטער). אונזער לעהרער געהט! מוסיו חיוטין געהט!

פ י י ו ו ע ל. ער מעג קלינגען. דעם קבצן מיט די אויס־געקרימטע שטיוועל וועל איך ניט געהן עפענען.

א ל י ע. מוסיו פּומפּיאַן, ער האָט בעסערע שטיוועל פון אייך און וועל איהם עפענען. (וויל געהן, פּומפּיאַן לאָזט ניט).

פ י י ו ו ע ל. אייך וועל איך ניט לאָזען. איהר וועט אייך פערקילען. לאָז ער קלינגען. (מען קלינגט).

מ א ד א ם. ווער זשע וועט עפענען? די דיענסטען זיינען זיך אלע צולאָפען. זיי הערען מיך ווי די קאץ... (שרייט) נאטאשא! נאטאשא! יא, שריי חי וקים.

פ י י ו ו ע ל. מאדאם, איך וועל איהם עפענען, נאָר זאל ער קלינגען א ביסעל. איך האָב ליעב צו זעהן ווי ער ווערט בייז. (מען קלינגט שטאַרק). אהא? פערשטאנען? (געהט עפענען).

מ א ד א ם. פאר וואס האָט איהם פּומפּיאן ניט ליעב? ער איז א ביסעל משוגע, דער חיוטין, אבער ריין און כשר, ווי גאָלד. (חיוטין אין אן אַלטען סורטוקעל, אויסגעטראָטענע שטיוועל, איז בלאַס, ווישט אויס די ברילען, ווען ער קומט אריין, נאָך איהם פּומ־פּיאַן מיט אן איראָנישען שמייכעל).

א ל י ע. מוסיו חיוטין, איך האָב שוין געביינקט נאָך אייך.

פ י י ו ו ע ל. (קרימט זיך). מ ו ס י ו ח י ו ט י ן! אז מען שטאמט פון א היט, איז מען חיוטין. פערשטאנען?

ח י ו ט י ן. יא. היט! פּומפּיאן, אייער פאטער איז געווים א דיוק, אָדער שני למלך, מיין טאטע איז, במחילה, א שניידער... איך מיין אבער, אז אפילו א שניידער א טאטע איז אויך א טאטע. איין ארעמען שניידער'ס א זוהן, און האָב זיך אליין דורכגעשלאָגען, געענדיגט גימנאזיע... איך זאל ניט זיין קיין קבצן און קיין יוד דערצו, וואָלט איך געווים געענדיגט אוניווערזיטעט אויך. וואס־זשע שטעהט ניט אן אזוי דעם טאטען אייערען?... נו, ווי געהט עס, מאדאם? אליע, דו האָסט ווירקליך געבענקט נאָך מיר! קעצעל דו! (קושט זי).

פ י י ו ו ע ל. (לערענט בייז). דוקטום ארטעריאָזום, בול־בום ארטעריאָזום.

מ א ד א ם. (שטיל). האָט איהר געבראכט עטוואס פערבאָ־טענעם? א צייטונג, א פּראקלאמאציע? (לויט). שלים־מזל'ניק, זעהט, ביי אייך איז דאָך דער האלזטוך אריבערגעקראָכען איבערן קאלנער.

ח י ו ט י ן. אויך מיר א דאגה. (שטיל). אלטע רעוואָלוציאָ־נערקע, וואס איהר זייט. (גיט איהר בגנבה א צייטונג). אָליעטשקע, קום לערנען... (פיהרט זי). מען דארף ארבייטען. מארגען, מאָרגען, נור ניכט הייטע, זאָגען אלע פוילע לייטע...

א ל י ע. (זינגט און טאַנצט). מארגען, מארגען, טערערעם, נור ניכט הייטע, טערערעם, זאָגען אלע, טערערעם... (אב מיט חיוטינען).

פ י י ו ו ע ל. ארטעריאזום, ארטעריאָזום... פערשייטער קבצן...

מ א ד א ם. און דו ביזט א גביר? וואס קענט איהר ניט צוטיילען? ראטשילד'ם ירושה?

פ י י ו ו ע ל. איך האָב איהם פיינט... וויפיעל געלד ער שלעפט ביי'ם דאָקטאָר. (לערענט). ארטעריאזום בולבום...

מ א ד א ם. פייוועל! איך מיין, ביזט א גרויסער בולבום... פערשטאנען? וואס איז, נאטאשא? (א דיענסטמיידעל קומט מיט א לאָמפ, שטעלט אויפ'ן טיש און זאגט עפּיס דער מאַדאַם). וועסט זיך ניט פערגעסען צו קומען אהיים, דו שפּרינגערקע? מעגסט געהן. (נאַטאַשאַ קושט זי אין באק מיט ליעבע און ראש אב. די מאדאם געהט צו דער פּיאנא, זעצט זיך, וויל לעזען חיוטינ'ס צייטונג, זעהט אָבער, אַז פּומפּיאַן קוקט, און הויבט אן שפּיעלען פון מענדעלזאָנ'ס אראטאריא „עליאס“ — „עס איז שוין געצוג“. פּומפּיאן הערט זיך צו).

פ י י ו ו ע ל. דאס איז דעם דאקטאָר'ס זאך... (זינגט). איא עס איז שען, ווען אזא אלטע באבעצע שפּיעלט פּיאנא? דער דאָקטאָר זאָגט, זי איז אמאָל געווען א גרויסע שפּילערקע... די־מענטענע מענשען! דאס הייסט זי און דער דאָקטאָר. דער אנדער זוהן, דער בוכהאלטער, איז א מערדער, אן עוכר ישראל... א... (לערנט) בולבום ארטעריאזום... (מען קלינגט. פּומפּיאן לויפט עפע־נען, די מאדאם שפּיעלט. פּומפּיאן קומט מיט זרחי'ן).

ז ר ח י. נו, וואס מאכסטו, פייוועל? א גאנצער מומחה, הא? גוט'ן אבענד, מאדאם.

פ י י ו ו ע ל. דאָס איז ר' שמשון דוד זרחי. געלערנט מיט זיי אין תלמוד תורה דקדוק און תנך. איך געדענק נאָך: אח"הע! פּעל, התפּעל — דאס איז דעם דאקטאר'ס מוטער, די מאדאם.

ז ר ח י. ווער קען ניט די מאדאם אין שטאדט? בפרט מיר. אלע טאג האָט אונז אייער אייגענער זוהן דערצעהלט אייערע שבחים... אוי, א זוהן! איהר מעגט יא זאָגען: אשרי מי שבניו זכרים. איך האָב נאר איין טאָכטער. פייוועל, דו געדענקסט נאָך מיין פאניען?

פ י י ו ו ע ל. אויב איך געדענק? זי פלעגט מיך דראפּען ווי א קאַץ.

ז ר ח י. איהר דארפט וויסען, זי איז א בת יחידה ביי מיר.

מ א ד א ם. (שטיל). איך דארף עס נויטיג וויסען. (לויט). איהר דארפט דעם דאקטאר צו א קראנקען?

ז ר ח י. ניין, איך בין געשיקט געווארען מיט א קאָמיסיע. אזא מענש ווי אייער זוהן... איהר ווייסט דען, וואס אייער זוהן איז.

מ א ד א ם. וואס מיין זוהן — ווייס איך. וואס איז אייער קאָמיסיע?

ז ר ח י. הערט איהר דאך: מיין טאָכטער איז געווען קראנק העכער א מאָנאט. זי איז געווען ממש א מ׳ויטע און דער דאקטאָר האָט זי געשטעלט אויף די פיס. ער האָט זיך ניט געפוילט ביי טאג, ביי נאכט, פארטאָג...

פ י י ו ו ע ל. יא, איך ווייס. זי האָט געהאט וועברים אינ־טערמיטענס...

ז ר ח י. יא, א פנים זי האָט דאָס געהאט. דער דאָקטאָר האָט ניט גענומען קיין צובראָכענע פרוטה.

פ י י ו ו ע ל. דעם דאקטאר׳ס געשעפטען...

ז ר ח י. עס רופט זיך אזוי, איך בין א לעהרער. אָבער באמת א מלמד, א קבצן, ווי א יוד דארף זיין.

מ א ד א ם. וואס־זשע ווילט איהר איצט? אייער טאָכטער דארף ווידער א דאָקטאָר?

ז ר ח י. אי, דארף זי א דאָקטאָר! ב״ה, עס איז שוין דריי וואָכען, אז זי האלט אין איין עסען... געזונד ווי א׳ן אויוועז, קיין עין הרע, און דער דאָקטאָר קומט דאך אלע טאָג צו איהר געוואר ווערען.

מ א ד א ם. וואָס זשע איז אייער קאמיסיע?

ז ר ח י. פערשטעהט איהר מיך, מאדאם, היינט וועט זי צום ערשטען מאָל ארויסגעהן. נו, האָבען זיי, דאָס הייסט די ווייבער, אויסגעבאקען א טארט און וועלען קומען דעם דאָקטאָר בעדאנקען פאר דער קרענק. אוי! איהר האָט געדארפט זעהן, ווי איך האָב מיט צוויי גאפלען געשלאָגען די ווייסלעך פון די אייער...

פון עטליכע אייער האָט זיך אויפגעשלאָגען אָט אזא פולע שיסעל מיט קאשע... מיינע הענד זיינען מיר געשוואָלען און געדראָלען, אבער א געראַטענער טאָרט... די ווייבער קראַכמאָלען זיך און דער דאָקטאָר יאקבי ווייסט ניט... עס איז כלומר'שט א סוד... איהר האָט דאָך מסתמא געהערט די געשיכטע, ווי מען זאָגט: „א ווייבערשער סוד, גלייך האַלט זיך איין" ?

מ א ד א ם. זעהט איהר, די געשיכטע האָב איך פונקט דוקא ניט געהערט.

ז ר ח י. עס איז א וואוילע זאַך. (דערצעהלט מיט חשק און שטיקט זיך אליין פון געלעכטער). הינדע, א יודענע האָט באגעגענט יענטען, וועלכע איז אויך געווען, במחילה, א יודענע, און האָט זי אָנגעהויבען שעלטען: סטייטש! איך האָב דיר דערצעהלט א סוד און דו ביסט געגאנגען און האָסט צופויקט איבער'ן גאנצען שטעדטעל! זאָגט יענטע: עס איז א גרויסער ליגען מיט א בלבול! ערשטענס, האָסטו מיר קיין מאָל אין מיין לעבען קיין זאַך ניט דערצעהלט, דאָס איז איינס. צווייטענס, איך קען דיר שווערען ביי'ם הייליגען פרוכת, אז איך האָב ניט געוואוסט, אז דאָס, וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט, איז א סוד, דאָס איז צוויי. דריטענס, ביסט אליין שולדיג... אז דו זאָלסט מיר גלאט אזוי דערצעהלען, וואָלט איך זיך געקענט איינהאַלטען. באַלד אָבער עס איז א סוד?... נו, גלייך האַלט זיך איין מיט א ווייבערשען סוד! כא! כא! כא! כא! (פערהוסט זיך שטאַרק און לאַכט). גלייך האַלט זיך איין מיט'ן ווייבערשען סוד... כא! כא! כא! האָט מיר א גוטע נאַכט. (געהט, הוסטענדיג).

מ א ד א ם. ר' שמשון דוד זרחי, וואָס־זשע איז געווען אייער קאמיסיע?

ז ר ח י. הערסט א קאָפּ! והעיקר שכחתי. זיי האָבען מיך געשיקט בעטען דעם דאָקטאָר, אויב ער קען היינט אין אבענד זיין אין דערהיים, ווארום אימיצער וויל קומען... יאקבי דער דאָקטאָר ווייס ניט ווער איז דער „אימיצער"... עט! גלייך האַלט זיך

איין מיט'ן ווייבערשען סוד... כא! כא! כא! פייוועל, דו ווערסט דאָך מסתמא זאָגען דעם דאָקטאָר, הם? מאדאם, האָט מיר א גוּ־טע נאכט. (אב).

מ א ד א ם. פייוועל, ווי געפעלט דיר זיין קאמיסיע?

פ י י ו ו ע ל. ער דערצעהלט נאָר פון ווייבער. ער האָט א ווייב א משולחת און האָט מורא פאר איהר. זי גיט איהם די גאנצע מעדיצינע: פּיאווקעס ,קאַלטע קאָמפּרעסען, הארטשיצניקעס, באנקעס... פערשטאנען?

מ א ד א ם. פערשטאנען, זי גיט איהם די גאנצע מעדיצין און ער דערצעהלט איהר דעם גאנצען ווייבערשען סוד. חע! חע! (אב).

פ י י ו ו ע ל. פאר הונדערט וויזיטען א צוקער־לעקאך. א גליק האָט מיך געטראָפען. אי, ווען וועל איך שוין אויסלערנען דעם דאקטאר זיין א שטיקעל מענש. (לערנט). קולקום ארטעריאזים. (מען קלינגט). שוין דער דאָקטאר? (אב. דאקטאר'ס שטימע, ער קומט מיט פיעל פעקלעך. נאָך איהם פומפיאן).

ד א ק ט א ר. שאדע, פומפיאן, דו ביסט ניט געווען. איך האָב אויפגעשניטען ביי היים שמש דעם קארבונקעל. זעהר געלונגען. איך האָב געוואוסט, מסתמא האָב איך ניט קיין ריינעם קאלנער מיט מאנזשעטען, האָב איך געקויפט. (האט אן אנאנדער קאל־נער מיט מאנזשעטען, וועלבע ער האָט געבראכט מיט זיך). איז חיוטין שוין דאָ? קאלעגא, נעהם מיין פולס, אונטערזוך אומיסטען מיין הארץ...

פ י י ו ו ע ל. וואָס איז? איהר זייט קראנק, חלילה?... דאָס הארץ? אפשר דארפט איהר טינקטורע דעגאטאלים.

ד א ק ט א ר. עס איז אפשר א הארץ־קרענק... אָבער מיט דער קראנקהייט קרענקט אלץ, וואָס עס לעבט... ברודער, איך בין 45 יאָהר אלט און מיין הארץ שלאָגט זיך יעצט, ווי עס האָט זיך געשלאָגען מיט צוואנציג יאָהר צוריק. ע! האָסט אפשר א זאפאָנקע? איך וויל היינט זיין א פראנט. וואָס גיבט נייעס?

פ י י ו ו ע ל. קיין זאַפּאַנקע האָב איך ניט — סיידען איהר ווילט א סאָלדאטסקען קנעפּעל. חיוטין דער קבצן איז דאָ... און קיין אנדער נייעס איז ניטאָ, נאָר וואָס זרחי איז דאָ געוועז מיט׳ן ווייבערשען סוד...

ד א ק ט א ר. פּומפּיאַן, אין דעם ווייבערשען סוד איז פערבאָרגען נאָך א גרעסערער סוד, פון וועלכען זרחי אליין ווייסט נאָך ניט... קענסט פערבינדען א האלזטיכעל, ניט אזוי ווי איך מאך פּשוט א קניפּעל, נאָר מיט א באנטיק? (פּומפּיאן פערבינדט איהם דאָס האלזטיכעל). הער, וואָס וואָלסטו געזאָגט, אז דו זאָלסט פּלוצלונג דערהערען, דאָקטאָר גאָלדענווייזער וויל חתונה האָבען? וואָלסט ניט געקראָגען די אפּאפּלעקסיע, הא?

פ י י ו ו ע ל. פערקערט, איהר דאַרפט א ווייב זאָל אויף אייך אכטונג געבען... איך קען דאָך ניט מעהר ווי צונעהען א קנעפּעל, אָבער ווייטער... פערשטאנען?

ד א ק ט א ר. יא, ברודער פּומפּיאן, עס איז ניט גוט צו זיין אליין. הער, איך וויים, דו ביסט מיר א גוטער פריינד און פריהער פון אלעמען וויל איך זיך מיט דיר אן עצה האלטען. דו ווייסט, איך... מיר דאכט זיך, איך וועל נעהמען און וועל מיט דעם... ע... מיט זרחי׳ס טאכטער...

פ י י ו ו ע ל. פאניע זרחי׳ס! זעהט איהר פון אזא בשורה קען יא א קלאָפּ טאָן די אפּאפּלעקסיע...

ד א ק ט א ר. זי איז ניט קיין נאַר... גאָר ניט קיין נאַר. אמת, זי איז ניט ענטוויקעלט, ביי אונז אין הויז אָבער וועט זי זיך ענטוויקלען!... זי האָט אין זיך גוטען מאטעריאל.

פ י י ו ו ע ל. יא, זי וועט זיך ענטוויקלען! אזא קבצנישע קישקע! זרחי׳ס טאָכטער האָט גוטען מאטעריאל!

ד א ק ט א ר. זי איז א געזונטע. דאָס איז זעהר וויכטיג, ווען מען געהט חתונה האָבען...

פ י י ו ו ע ל. א געזונטע שטיק פלייש. ווייסט פון קיין זאך...

ד אָ ק ט אָ ר. די געבילדעטע פרויען ווייסען אָבער צו פיעל, דאָס איז נאָך ערגער. פּומפּיאַן, עס איז בעסער, וואָס ווענינער פאַלשע ציוויליזאַציע און וואָס מעהר נאַטור.

פ י י ו ו ע ל. וואס מעהר נאַטור! וויפיעל נאַטור קען פאַניע זרחי'ס האָבען? זי די דאָקטאָרשע?! זאָל איך בעסער פריהער איינגעהמען א מיתה משונה!...

ד אָ ק ט א ר. זעהסט, פּייוועל, און איך האָב שטענדיג גע־מיינט, אז דו ווינשט מיר גליק... צום סוף...

פ י י ו ו ע ל. איך ווינש אייך אודאי גליק און אויב איהר פערשטעהט... איהר זייט א געלערענטער... און אויב עס ווענדעט זיך אָן מיר, איך ערלויב... דאקטאר, איך ערלויב אייך...

ד א ק ט א ר. ביסט ניט דאגעגען? (דריקט זיין האַנד). ביסט א בראַווער יונגאַטש. הער, מיר וועלען היינט האָבען א קליינע וועטשערינקע... נא דיר געלד... הויב אויף די נאָז!... איך וויל היינט ניט זעהן קיין זויערע פנים'ער ארום זיך... סאלדאט, סטאי פּריאמא, סמאטרי בראַווא! סמירנאָ!... כא! כא! הער־זשע, נא דיר געלד און ע... מיר וועלען מאכען פונש ווי שטענדיג... די ליכט אויס... פערשטאנען? (זאָגט איהם עטוואס שטיל. חיוטין קומט און געהט גלייך צום שראנק מיט ביכער. דער דאקטאר כאפּט איהם פון הינטען פאר די הענד). עי! קאָמאנדיר, איהר שלעפּט שוין ווידער מיינע ביכער?

פ י י ו ו ע ל. לכל הפחות, אז זי וועט זיין, וועט מען ביי איהם ניט שלעפּען... פאַניע זרחי'ס, א ווייב מיט נאַטור! פערשטא־נען? אוי, וועה איז מיר. (אב).

ד אָ ק ט אָ ר. קעשענע שניידער, איהר מאכט דאָך א תל פון מיין ביבליאָטעק. מערדער, באנדיט! רינאַלדא רינאלדיני!

ח י ו ט י ן. אוהו! די נידריגע אינסטינקטען פון איין אייגענ־טימער האָבען זיך אויפגעוועקט ביי אייך, איהר זאָטער בורזשוא, וואס איהר זייט. ביי אייך דארפען ביכער ליגען אין שאפעס, ווען די, וואָס האָבען ניט קיין מיטלען, האָבען ניט וואָס צו לעזען?

נו, יא, אז איך דארף א בוך, וועל איך אייך באלד געהן פרעגען! קומט בעסער אהער, איהר אָבגעפרעסענער בורזשוי... שש... אונ־זערע... מיר דארפען געלד... ניש'קשה עס מעג אייך קאסטען, איהר שלעפּט ארוים געגוג געלד ביי'ם פאָלק... (זאָגט עפּיס שטיל).

ד א ק ט א ר. אזוי? ביי'ם פאָלק? חיוטין, איך גיב אייך געלד, ווייל פונקט היינט וויל איך זיך מיט אייך ניט קריגען. נאט, דאָס גיב איך אייך א טייל פון סקארלאטין, דאָס האָט איהר א חלק פון קדחת, דאָס האָט איהר אייער פּארציע פון א געשוויר. כא! כא! (גיט איהם עטליכע אסיגנאציעס). איהר ווייסט, חיוטין, ווארום איך חנפ'ע זיך צו'ן אייך? איך האָב בעשלאָסען — חתונה האָבען... און וויל ניט, איהר זאָלט מיך קריטיקירען...

ח י ו ט י ן. נו, יא, נעהמען א מאדאמשע אין שטוב, וועלכע וועט דארפען שליאפּקעס, שעמיזעטקעס, מאנטאָנען, פאנטאָלאנען, און דער רוח ווייס נאָך, וואס זיי דארפען דאָרטען...

ד אָ ק ט אָ ר. חיוטין, איהר האָט א טעות, איך נעהם איין איינפאכעס מיידעל, א קינד פון פאָלק. (זעצט זיך צו דער פּיאנא און שפּיעלט דאָס זעלבע, וואס זיין מוטער האָט געשפּיעלט. פּויזע). נו, חיוטין, ווי מיינט איהר?

ח י ו ט י ן. ע! איהר מאכט שפּאס פונ'ם פּראָלעטאריער...

ד א ק ט א ר. יא, פּראָלעטאריער, א פּראָפּאָ... איהר זייט ניט זעהר קיין שטארקער גבור... עס געהט ווינטער, קאלט, נאס... איהר דארפט א פּאלטא, שטיוועל... איך קען אייך געבען פאראוים...

ח י ו ט י ן. (בייז). הערר דאָקטאָר, עס איז ניט אייער באַ־בע'ם עסק, וועלכע שטיוועל איך טראָג! איך דארף ניט קיין טובות!... אז עס וועט מיר קומען פון אייך, וועל איך מאָנען...

ד אָ ק ט אָ ר. אוי, משוגענער! איך געה טון אזא פעראנט־ווארטליכען שריט, האָב זיך געוואָלט בעראטען ווי מיט א גוטען פריינד... נו, געה, רעד צו זיי!

ח י ו ט י ן. הייסט עס, איהר מיינט טאקי ווירקליך? וואס זשע מישט איהר אריין די שטיוועל? דאקטאָר, איהר האָט מעהר

רעכט פון יעדען מענשען פערלאָזען זיך אויף זיך אליין... אלע מענ־
שען דארפען זיין גליקליך, און ווער רעדט אזא מענש ווי איהר...
אויב איהר מיינט, איך בין אייך ניט קיין גוטער פריינד, פערשטעהט
איהר מיך ניט... איך אָבער פערשטעה אייך און האָב אייך ליעב...
אז ניט, וואָלט איך ניט ווערט געווען — די ערד זאָל מיך טראָגען...
און ווייטער מעגט איהר אייך געהן אפילו צום טייפעל. (געהט).

ד אָ ק ט אָ ר. (לאזט איהם ניט). הערסט, איך וויל געהן חתונה האָבען און ער שיקט מיך צום טייפעל! חיוטין, יעדער מענש האָט א רעכט גליקליך צו זיין? הא? איא, עס איז ניט לעכערליך, ניט עגאָאיסטיש, ווען איך וויל א ביסעלע גליק פאר זיך? איהר ווייסט, איך האָב ניט קיין היים איצט. ווען איך בין געוועזן יונגער, האָב איך ניט געפיהלט. ברודער, איך ווער אלט, דאָס לעבען געהט אוועק און... חיוטין, ברודער, איז דאס א פערברעכען, ווען איך זוך כאָטש א קליין ביסעלע פערזענליכען גליק פאר זיך אליין? (אומארמט איהם. אליע לויפט אריין).

א ל י ע. פאפאטשקע, ווילסט צוקוועטשען מוסיו חיוטין?

ד אָ ק ט אָ ר. דאס קינד! חיוטין, איך האָב מורא, זי וועט ניט ערלויבען... קום אהער, ליאליע, איך דארף מיט דיר רעדען... דו ביזט א קלוגע פרוי. חיוטין, זי איז שוין 12 יאָהר געוואָרען. (נעהמט זי אויף די קניע). איאָ, אליעטשקע, דו האָסט מיך ליעב?

א ל י ע. אי, פאפא, וואס פרעגסטו דאָס? (נעהמט איהם ארום מיט איהרע הענטלעך).

ד א ק ט א ר. עס איז שוין מעהר פון פינף יאָהר, אז דיין מאמא איז געשטאָרבען...

א ל י ע. זעהסט, פאפא, האָסט שוין מיר לאנג צוגעזאָגט צו קויפען א בלאָען מעדאליאָנטשיק מיט דער מאמא'ס בילד.

ד אָ ק ט אָ ר. יא, אליעטשקע, איך וועל דיר קויפען... (ווערט אנשווייגען). אליע, אנקעל מארק איז נאָך ניט געקומען פון באנק?

א ל י ע. אָבער, פאפא, דו האָסט מיר וואס געוואָלט זאָגען. (די מאַדאַם קומט און בלייבט שטעהן אונבעמערקט).

ד אָ ק ט אָ ר. איך האָב געוואָלט זאָגען: דו וועסט גיך אויס־וואקסען, ווערען א גרויסע, דאן וועט אימיצער קומען און וועט דיך צונעהמען, און איך וועל בלייבען אליין... די גרענד מאמא איז אלט...

א ל י ע. פאפא, איך פערשטעהע... דו ווילסט נעהמען אנאנדער מאמא. (וויינט). איך וויל ניט... איך וויל ניט!...

ד אָ ק ט אָ ר. וואס זשע וויינסטו, נאר? אויב דו ווילסט ניט, דארף מען ניט. איך וועל געווים ניט פערביטערען דיין לעבען צוליעב זיך. (לאזט זי אראָפּ פון די קניע). איך האָב אייך געזאָגט, חיוטין, אליע וועט זיין דאגעגען...

א ל י ע. פאפאָטשקע, איך ווייס גאר ניט... אויב דו מיינסט, אז די, וועלכע דו זאָגסט, וועט זיין א גוטע און וועט דיך ליעב האָבען, ווי איך, ווי די באבוסיע... (וויינט). אָבער איאָ, פאפאָטשקע, מיך וועסטו אויך ליעב האָבען?... (חיוטין ווישט בגנבה זיינע אויגען).

ד אָ ק ט אָ ר. יא, קינד, דו וועסט מיר זיין נאָך טייערער, נאָך ליעבער. (אומאַרמט זי און קושט. די מאדאם קערט זיך אב און ווישט א טרער).

א ל י ע. אבער איאָ, פאפא, דו ביסט ניט בייז אויף מיר?

ד אָ ק ט אָ ר. איך זאָל זיין אויף דיר בייז?... צארטעס, נאָבלעס קינד... (דריקט זי צו זיין הארצען). נון, און יעצט, אליע, געה שיק מיר די באבוסיע...

מ א ד א ם. איך בין דאָ, יעוועגני... דארפסט ניט שיקען נאָך מיר... (אַלע איבערראַשט). איך האָב ניט געוואָלט אונטערהערען און האָב דאך אַלץ געהערט.

ח י ו ט י ן. קום, ליאליע, איך דארף דיר וואס זאָגען... (ביידע געהען). דו, פרוי פון 12 יאָהר! (ביידע אב).

ד אָ ק ט אָ ר. מאמע, איך ווייס ניט, ווי וועל איך וואגען דיר ערקלערען... איך האָב מורא, איך וועל פערליערען דיין אכטונג... דו וועסט לאכען פון מיר.

מ א ד א ם. לאכען? יעווגעני, זאָל מען נאָר ניט דארפען וויינען...

ד אָ ק ט אָ ר. ביסט בייז אויף מיר?... און איך האָב גע־וואָלט בעטען דיין הילפע... איך ווייס, אונטער דיין איינפלוס קען מען ווערען א מענש... מען דארף זי לערנען... מען דארף זי בילדען. ביסט ניט בייז אויף מיר?

מ א ד א ם. איך זאָל אויף דיר בייז זיין?... איך האָב גע־הערט, וואס דו האָסט געענטפערט דיין קינד, און דאס־עלבע זאָג איך דיר... מיין קינד, אויף דיר בייז ווערען? איידלער מענש און עהרליכער מאן?... דו פערשטעהסט געווים, וואס דו טוסט... און, יעווגעני, צווייפעלסטו, אז איך וועל איהר זיין א מאמא?... שש... דארפסט מיר גאר ניט דערצעהלען... די, וועלכע דו רעכענסט ווירדיג צו ברענגען אין דיין הויז, ווער זי איז, זי איז מיין קינד...

ד אָ ק ט אָ ר. אָה, טייערע, גוטע מוטער!... (אומארמט זי אין קושט). און דו האָסט מיך געשראָקען מעהר פון אלע. (מען קלינגט). מאמא, ענטשולדיג, פומפיאן איז ניטאָ. (לויפט עפענען).

מ א ד א ם. איך האָב נאר מורא, גרויסע ערנסטע מענשען זיינען אָפט בלינד, ווי קינדער... אָה, ווי גרויזאם עס ויעט זיין, אויב ער, אין זיינע יאָהרען, וועט מאכען א מיאוסען פעהלער!...

(דאָקטאָר און מארק קומען).

ד א ק ט אָ ר. מארק, האָסט געטראָפען ווען צו קומען, פונקט צו דער צייט...

מ א ד א ם. מארק, דו ווייסט. איך געפעל ניט יעווגענין אלס ווירטין, טוט ער מיר אב און האָט חתונה...

מ א ר ק. חתונה? דאס איז ניט פראקטיש... א פערהייראטער דאקטאָר פערליערט זיין אינטערעס ביי די רייכע פאצי־ענטקעס... וואו איז דיין פעלדשער?... אין קארידאָר אָנגעוואַרפען אפשר צוואנציג פאָאר קאלאָשען... ער ארבייט ביי דיר צו פיעל!... אזא פאראזיט!

מ א ד א ם. וואס ליעגען דיר איצט אין זין די קאלאָשען?

מ א ר ק. אָבער איך וויים, מען רעדט שוין לאנג אין שטאדט, ער שדכנט זיך צו ליליענוואסער'ס טאָכטער... אזא פארטיע בע־צאהלט זיך שוין. א רייכע אלמנה, דער פאטער איז דירעקטאָר פון שפיטאָל... אָט האסטו דיר, די אידעאליסטען, און אז עס קומט צו וואס, זיינען זיי געשעפט־מענשען.

ד אָ ק ט אָ ר. מארק, האסט א טעות... איך האָב חתונה ניט צו מאכען גוטע געשעפטען. איך נעהם איין ארעמעם מעדכען... (מען קלינגט). אוי! איך וואָלט איצט ניט געוואָלט קיין פאציענטען. (לויפט עפענען).

מ א ר ק. ער מיינט עס ערנסט? נו, וואס זאגסטו, מאמא, צו דעם אלטען נאר?... ער שפיעלט זיך נאָך אין ראמאנען...

מ א ד א ם. מארק, מיר האָבען ביידע ניט קיין רעכט און ניט קיין שכל איהם צו לערנען! (מען הערט דעם דאקטאר'ס פרייליכע שטימע. ער קומט צוריק, נאָך איהם זרחי, שרה הינדע און פאניע מיט א טארט).

א ל ע. גוטען אבענד! גוטען אבענד!

ד אָ ק ט אָ ר. גוטען אבענד. זיצט, זיצט... דאס איז הער זרחי, זיין פרוי, זייער טאָכטער פאניע... (שרייט אין טיר). נאטא־שא, דאי טשאיו!

מ א ר ק. וואס איז דאָס? געסט פון דעמאָקראטישען קווארטאל?... אוהו!

פ א נ י ע. (זעהר פערשעמט). מאמע, זאג דו בעסער... איך האָב פארגעסען די גאנצע רעדע... הער דאָקטאָר, איך האָב אייך געבראכט א טאָרט... און ווי אזוי צו דאנקען, וויים איך ניט...

ש ר ה ה י נ ד ע. אָט האָסטו דיר א העלד! פע, פאניע, אויף דיר האָב איך זיך ניט געריכט...

ז ר ח י. פע, רב"שע, אויף דיר האָב איך זיך ניט געריכט... מע דערצעהלט וועגען דעם א וואוילע זאך.

ש ר ה  ה י נ ד ע. מעגסט אבלעגען אויף שפּעטער דיין וואוילע זאך. (דער דאָקטאָר צינדט אָן אין קאַבינעט לאָמפּען און ליכט. פאַניע בעטראַכט אלץ אין שטוב און לאזט אראָפּ דעם קאָפּ).

ז ר ח י. קריגען זיך דערפאר איז ניט כדאי.

מ א ד א ם. ניין, ניין! דערצעהלט אונז די וואוילע זאך... מיר ווילען הערען... א גראָטענער טאָרט!

ז ר ח י. אין חומש, אין סדרה בראשית איז בעשריבען, ווי גאָט האָט בעשאפען אונזער מוטער חוה. אין סדרה נח שטעהט בע־שריבען, ווי נח האָט געבויט זיין תבה פון פּימסען־האָלץ און האָט זי אויסגעשמירט פון אינעווענינ און פון דרויסען מיט פּעך... ביי א יודענע האָט מען ארויסגעריסען פון איהר עברי טייטש חומש א פּאָר בלעטלעך, זאָגט זי זיך: (מיט א ניגון) „און גאָט האָט אויס־געשניטען א ריפּ ביי אדם הראשונ׳ן און האָט בעשאפען חוה׳ן, פון פּימסען־האָלץ, און ער האָט זי אויסגעשמירט פון אינעווענינ און פון דרויסען מיט פּעך". פּע, זאָגט זי, אויף דיר רב"שע, האָב איך זיך דאָס ניט געריכט. אויסשמירען אונזער מוטער חוה פון אינע־ווענינ און פון דרויסען מיט פּעך... כא! כא! כא! (הוסט). פּע! איך האָב זיך ניט געריכט. (לאַכט און הוסט. אלע לאכען. דער דאָק־טאָר פיהרט פאַניען אין זיין קאַבינעט. פּומפּיאַן קומט מיט פערשוי־דענע פעקלאך).

ד אָ ק ט אָ ר. זיצט, פאניע, דאָ ביי מיר... דאָס איז מיין קאבינעט.

פ י י ו ו ע ל. אז דער דאָקטאָר האָט א פּאציענטין, מעג מען דאך פערציהען די פּארטיערען. פערשטאנען!

ד אָ ק ט אָ ר. פּומפּיאן! אזא נאר! ער מיינט, איהר זייט א פּאציענטין. נו, זאָל זיין אזוי, פאניע. איך וועל אייך זאָגען די ווארהייט, איך האָב אייך ערווארטעט מיט אונגעדולד. (בעטראכט זי) מיין פּאציענטין זעהט גוט אויס. רויט... געזונד... די אויג־לעך גלאנצען...

פ א נ י ע. דאקטאר, וואס פאר א סעקרעט ווילט איהר מיר היינט זאגען! איך וויל אזוי וויסען דעם סעקרעט.

ד אָ ק ט אָ ר. דעם סעקרעט? פאניע, דער גאנצער סעקרעט איז — איהר געפעלט מיר.

פ א נ י ע. סך הכל? דאָקטאָר, דעם סעקרעט וויים איך לאנג. וואס מיינט איהר, איך האָב ניט בעמערקט ווי אזוי איהר פלעגט קוקען אויף מיר, ווען איהר פלעגט מיך אונטערזוכען? און דאס וואס איהר פלעגט אזוי אָפט קומען צו מיר כלומר'שט געוואר ווערען... איך בין ניט קיין קליינינקע מיידעלע, איך בין 20 יאָהר אלט.

ד אָ ק ט אָ ר. גאנץ אָפען, הא? כא! כא! דאס געפעלט מיר. א געבילדעטע מאמזעל וואָלט זיך געמאכט, אז זי פערשטעהט גאָר ניט, און איהר זאָגט פשוט: אָט אזוי איז דאָס!... פאניע, וואס וואלט איהר געטון למשל, ווען איך זאָל אייך פלוצלונג ארומ־נעמען און געבען א קוש? אוי, איך האָב זיך שוין אליין דער־שראָקען.

פ א נ י ע. וואס דארפט איהר אייך שרעקען? וואס מיינט איהר, מען האָט מיך קיין מאָל ניט געקושט און ניט ארומגענומען? פאר וואס ניט? אוי, דאקטאָר, נאָך וואס טראָגט איהר אזא לאנגע באָרד? איהר זאלט זי אבשערען, וואָלט איהר אויסגעוויזען א סך יונגער. ווארום איך מיין, איהר זייט נאָך זעהר א געזונטער מאן.

ד אָ ק ט אָ ר. מיט אנדערע ווערטער, דאס הייסט איך גע־פעל אייך? זאָגט דעם אמת, איהר וואָלט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבען?

פ א נ י ע. געהט, געהט איהר מאכט שפאס פון מיר... אזא גרויסער מענש... א דאָקטאָר...

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, איך בין ניט דער מענש, וואס מאכט שפאס פון הייליגע געפיהלען.

פ א נ י ע. דעם אמת געזאָגט, ווען איך בין געלעגען קראנק, האָב איך אָפט גלאט אזוי געטראכט, וואס וואָלט געווען א שפיי־

גער, דער דאָקטאָר זאָל מיך נעהמען? פלעג איך זיך אליין דער־שרעקען...

ד אָ ק ט אָ ר. אהא, איהר דערשרעקט אייך אויך...

פ א נ י ע. איך דערשרעק זיך ניט פאר א קוש, אזוי ווי איהר, און האָב ניט מורא פאר א מאן, ווי איהר האָט מורא פאר א פרוי.

ד אָ ק ט אָ ר. ווי ווייסט איהר, אז איך האָב מורא פאר א פרוי?

פ א נ י ע. (לאַכט). איך זאָל אנאנדערן אזוי געפעלען ווי אייך, וואָלט ער... ניין, איך האָב מורא גאר פאר אנאנדער זאך. איהר זייט אלע געבילדעטע דאָ אין הויז, אזוי פיעל ביכער מיט א פארטאָפיאן, אייערע זיינען אלע אריסטאָקראטען, איך וועל ניט וויסען, ווי אזוי עסען ביי'ם טיש, ווי אזוי זיך פיהרען און וואס זאגען.

ד א ק ט אָ ר. ע! נארישקייטען! איהר וועט אייך גיך צו־געוואוינען. איהר וועט דאָ ניט זיין א פרעמדע, איהר וועט דא זיין די ווירטין.

פ א נ י ע. יא, דא אין שטוב איז ניטאָ קיין ווירטין. דאָרט אויפ'ן טיש האָב איך געזעהען א גאָפּעל מיט א טעלער, אויפ'ן קושעטקע א קליידער־בערשטעל... דאָ אויפ'ן טיש וואלגערט זיך געלד. איהר האָט דאך א פרעמדען מענשען אין שטוב... דער פּומ־פיאן איז דאָך ביי אייך, וואס הייסט אוועקוואָרפען געלד? אין קארידאָר א בארג מיט קאלאָשען... דער ארבעל דאָ ביי אייך צו־געשפּילעט מיט א שפּילקע... וואס טוען די דיענסטען דאָ?

ד אָ ק ט אָ ר. עס איז אזוי אנגענעהם צו וויסען, אז אין שטוב וועט זיין א פרוי, וועלכע וועט זיך בייזערען. און איהר יונגע שטימע וועט קלינגען איבער אלע צימערן און מיר וועלען אלע פאר איהר מורא האָבען...

פ א נ י ע. גיט, איך וועל אייך בעסער צושטעכען דעם אר־

בעל... (שטעלט זיך זעהר נאָהענט צו'ן איהם און שטעכט איהם צו דעם אַרבעל).

ד אָ ק ט אָ ר. (ליידענשאַפטליך). פאַניע, איך האָב דיך ליעב... ביסט א קלוגע, האָסט שוין דאס לאנג געזעהען און פערשטאנען. (אומאַרמט זי און קושט). נעהם מיין האנד און קום, איך וועל דיך פאָרשטעלען אלס צוקונפטיגע מאדאם גאָלדענווייזער.

פ א נ י ע. שוין? אוי, דאָקטאָר, איך האָב אזוי מורא.

ד אָ ק ט אָ ר. פאַניע, נעהם מיין האנד און זיי רוהיג. די האנד האָט ניעמאלס וועמען געפיהרט צו'ם שלעכטען. (פיהרט זי, עפענט די פאָרטיערען. ביי'ם טיש זיצען זרחי, שרה הינדע, חיוטין צוזאַמען מיט אָליען. מארק פון דער ווייטען. ביי דער טיר נאטאשא מיט א פאַדנאָס אין האַנד. אויפ'ן טיש גלעזער מיט טיי. אין מיטען טיש אַ גרויסע זילבערנע וואַזע מיט פונש. פומפּיאן סערווירט).

ד אָ ק ט אָ ר. טייערע מאמא, האָב די עהרע דיר פאָרשטע־לען דאס מעדכען, וועלכע... (פערווירט).

מ א ד א ם. יעווגעני, איך ווייס שוין. קום אהער, פאניטשקע. (נעמט זי ביי'ם האנד און בעטראכט זי).

א ל י ע. (שטיל צו חיוטינ'ן) מוסיו חיוטין, איז זי?

ח י ו ט י ן. אליע, אזא מענש ווי דיין פאפא פערדיענט, אלע זאָלען זעהען, ער זאָל זיך גליקליך פיהלען.

מ א ר ק. (אפּארט). הם, אונזער אידעאליסט נעהמט א מאטע־ריאליסטישע ווייב, טאקי א ווייב...

ד אָ ק ט אָ ר. נון, מיינע ליעבע, איצט וועלען מיר זיך אלע זעצען א ביסעל פערברענגען... מאכען א פונש...

פ י י ו ו ע ל. דער פונש איז שוין געמאכט, ווי איהר מאכט שטענדיג אין גרויסע יום טובים (געהט פערלעשט די ליכט אין קאַ־בינעט).

ד אָ ק ט אָ ר. מארק, וואס שטעהסטו פון דער ווייטען? איך האָף, איהר וועט זיין גוטע פריינדע. (מארק דריקט איהר האַנד און זעצט זיך לעבען איהר ביי'ם טיש). פייוועל! זעה נאר, שיער

ניט פערגעסען, די אָרעמע פרוי וואַרט דאָרט... איהר עלטערער זוהן... (וויל לויפען). איהר מוזט מיך ענטשולדיגען.

מ א ד א ם. יעווגעני, ווילסט אוועקגעהן? היינט מעגסטו זיך נעהמען צייט.

ש ר ה ה י נ ד ע. דער דאָקטאָר וועט קיין צייט ניט האָבען חתונה צו האָבען...

ד אָ ק ט אָ ר. עס איז טאַקי איצט א גרויסע פרייד ביי מיר, אָבער דאָרט וואַרט אויף מיר א קראַנקער... פריהער פון אַלץ בין איך דאָקטאָר! (לויפט אין קאַבינעט). איך קום באַלד.

פ ו מ פ י א ן. דער קראַנקער זאָל פיהלען שלעכט וואָלטען זיי זיך ניט געשעמט, זיי וואָלטען שוין דאָ געוועזען פינף מאָל... קבצנים צערעמאָניען זיך ניט מיט אייך... איהר קענט דאָך אָבלעגען אויף שפּעטער.

ד אָ ק ט אָ ר. האַ? ! יאַ, איך וועל מיר ערלויבען היינט איין האַלבע שעה... ברודער פּומפּיאַן, דעם פּונש! (ער געהט צו דער פּיאַנאָ און שפּיעלט דיזעלבע זאַך, וואָס פריהער. פּומפּיאַן צינדט אָן דעם פּונש).

ז ר ח י. שרה הינדע, וואָס? (שש! זי לאָזט איהם ניט רעדען. פּומפּיאַן פערלעשט אַלע לאָמפּען, עס ווערט דונקעל, דאָס צימער בעלויכטען נאָר פון דעם פייער פון פּונש. אַלע בלייבען זיצען גאַנץ שטיל. דער דאָקטאָר שפּיעלט פּיאַנאָ).

א ל י ע. (לעהנט זיך אָן אויף חיוטינ'ס האַנד). מוסיו חיוטין, איאָ עס איז שען?... א בלאָער פייער. אַקוראַט ווי אין די הימלען, דאָרט, וואו מיין מאַמאַ איז... (דאָקטאָר הערט פּלוצלונג אויף שפּיעלען און שפּאַרט זיך צו צו דער פּיאַנאָ. אַלע איבעררעשט).

פ אָ ר ה א נ ג.

# צווייטער אקט.

דאסזעלבע צימער, נייע מעבעל. ארדנונג. נאַכט. אין ביידע אב־טיילונגען ברענען לאָמפּען. זרחי און די מאַדאַם זיצען אין דער צוויי־טער אבטיילונג ביי אַ קליין טישעל און שפּיעלען אַ דאַמקע, לעבען זיי אַליע, וועלכע מאכט פון די פּעשקעס קאַלאָנען... שרה הינדע און פאַניע זיצען אויף א קושעטקע און רעדען שטיל.

ז ר ח י. געגאנגען זאָל ווערען... איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר שפּיעלט ווי א מזיק. א יודענע זאָל אויך האָבען א קאָפּ.

מ א ד א ם. און אז א מאנסביל האָט א קאָפּ, אין וועלכען אנשטאט געהירען ליעגען ווייבערשע געשיכטעס?

ז ר ח י. ע! איהר קריגט זיך מיט מיר? וועל איך אייך מאַ־כען צוויי בערדעס מיט א שטיבעלע.

פ א נ י ע. קום אהער, מאמע. (זיי געהען אין דאקטאָר'ס קאַבינעט).

ש ר ה ה י נ ד ע. (געהענדיג). פּרא אדם, מיין ניט, אז דו שפּיעלסט אין דאמקע מיט חצקאל ציזשיק!...

א ל י ע. באבוסיע, זי בייזערט זיך; ווייל דער יוד האָט גע־זאָגט א נארישקייט?

מ א ד א ם. פוי! אליע, אן עלטערער מענש זאָגט קיין מאָל קיין נארישקייטען!

א ל י ע. קיין מאָל ניט? טאקי קיין מאָל ניט?...

מ א ד א ם. (לאַכט). זי גלויבט ניט... ווי מיינט איהר, ר' זרחי, טאקי קיין מאָל ניט?...

ז ר ח י. געגאנגען זאָל ווערען. (זיי שפּיעלען).

פ א נ י ע. זעהסט, מאמא, דאָ אויפ'ן טיש ליעגען פאר

איהם נאָזטיכלעך... דאָ — א קאסטיום איבערצובייטען. איך זאָרג פאר דעם, און ער קוועלט דערפון. איך זאָל האָבען מעהר צו טון דאָ, וואָלט מיר אפשר דאָ ניט געווען אזוי אומעטיג.

שרה הינדע. וואס ביסטו געקומען אהער א דיענסט זיין? א שענע מציאה!

פאניע. מיר איז זעהר אומעטיג דאָ. אָט איז איצט סכות, יום טוב ביי לייטען. מען טוט זיך אָן שען, מען געהט צו גאסט... ביי זיי איז יום טוב, אין דער וואכען, שבת — אלץ איינס. אפנים זיי גלויבען ניט אין גאָט... איך וויים זעהר, יא גאָט, ניט גאט. נאר אז עס ניטאָ קיין גאָט, זאל זיין עפּים אנדערש... אז עס איז גאר ניט ניטאָ, איז אומעטיג.

שרה הינדע. נו, און וואס טוען זיי? פאר וואס איז זיי ניט אומעטיג?

פאניע. איך וויים? זיי לעזען, זיי רעדען פון אזעלכע זאכען, וואס איך וויים ניט. ער זעצט זיך גאר אנידער אויף א גאנ־צע נאכט מיט'ן נאָז אין בוך אריין... דאָס מאכט מיך אמאָל אזוי בייז, אז איך וואָלט, דאכט זיך, גענומען און צוריסען אלע ביכער... די אלטע שפּיעלט פּיאנא, און איך קען ניט, אזא בושה... זעהסט, איך האָב פערגעסען. (זוכט אין די קעשעניעס פון דעם צוגעגרייטען קאָסטיום). יא, וואס דען? א רובעל... אזא תם... געהט אום ווי אין עולם התהו... דו קענסט בערעכענען, וויפיעל געלד פייוועל האָט ביי איהם אָנגע'גנב'עט... ער איז מסתמא שוין א'ן עושר.

שרה הינדע. דו זיי ניט קיין גולם און קוק מיט אויגען! אויב דו ווילסט, פאניע, קענסטו דאס געלד קלייבען ביי מיר. מאלע וואס עס מאכט זיך חלילה.

פאניע. ניש'קשה, איך קען אליין בעהאלטען, ווען מען דארף. (בעהאלט דעם רובעל).

שרה הינדע. האָט ער דיר געמאכט א נייע פלאטיע אויף יום טוב? דארפסט זיך ניט שעמען פאר איהם. ער איז מחויב

מאכען דיר קליידער און קויפען ציהרונג. צוליעב וואס דען האָסטו חתונה געהאט פאר א׳ן אלטען?

פ א נ י ע. ווייס איך! ער האָט מיר געקויפט א זייגערעל, מיינט ער עס איז א גאנצעס גליק... איך האָב ניט קיין דימענטענע אויריגנגלעך, איך האָב ניט אפילו קיין איין דימענטענעם רינג. אויך מיר א דאָקטאָרשע! דערווייליע זעה איך נאָך ניט, וואָס האָבען מיר די מיידלעך אזוי מקנא געווען.

ש ר ה ה י נ ד ע. עס איז שוין דער עלפטער חודש נאָך אייער חתונה. (פרעגט זי שטיל). אלע ווייבער פרעגען מיך. וואס איז דאָס עפּיס, הא? ביילע ציזשיק׳ם האָט מיט זעקס וואָכען שפּעטער חתונה געהאט און איז שוין געלעגען געוואָרען.

פ א נ י ע. דאס דארפסטו ביי איהם פרעגען.

ש ר ה ה י נ ד ע. און דו שעמסט זיך פאר איהם? וואס ביסטו ניט קיין יודישע טאָכטער? און ער איז א קלייניגקער, וואס? אין זיינע יאָהרען און נאָך א דאָקטאָר... ער דארף וויסען, (זיי רעדען שטיל).

ז ר ח י. עהע, מאדאם, איהר האלט שמאָל... איהר האָט אפּנים ביי׳ם רב״שע ניט אויסגענארט קיין גוטען צעטעל. איהר האָט דאָך מסתמא געהערט פון דער יודענע מיט׳ן צעטעל?

מ א ד א ם. איך ווארט שוין לאנג, ווען וועט איהר דער־צעהלען עפּיס א ווייבערשע געשיכטע.

ז ר ח י. אוי, א וואוילע זאך. (קוקט זיך ארום און דערצעהלט מיט חשק). ארויסגעהענדיג יום כפור פון שול, האָט זיך א יודענע אבגעשטעלט און האָט געזאָגט: רב״שע, גיסטו מיר א גוטען צעטעל, איז רעכט, אז ניט, פאָהר איך גאר אין גאנצען אוועק, צו מיין שוועסטער אויף סכות. — זאָגט די שכנה: וואס דארפסטו רעדען, ווען דען פאָהרען? — שש! ענטפערט זי, מאך א שווייג... איך שרעק איהם נאר... זיי זיינען אלע אזעלכע!... למשל, אז איך זאָג מיינעם: איך פאָהר גאר אוועק צו מיין שוועסטער, ווערט ער דאָך אזוי גוט, כאָטש לעג איהם צו א מכה — וואס דען מיינסטו?

אָהן א סטראשונאָק קען מען ביי זיי עפּים אויסנארען?... רב״שע, דו הערסט איך פּאָהר צו מיין שוועסטער אויף סכות... כא! כא! כא! (הוסט און לאַכט). צו מיין שוועסטער... כא! כא! כא! (אליע לאַכען, בעזאנדערס אַליע. מארק קומט פון זיין צימער).

מ א ר ק. (מיט אַ גרימאַסע). אה, וועלכע געסט ביי אונז, גרויסארטיג! מיט א וויזיט, הא? גוטען אבענד.

א ל י ע. איא, באבוסיו, אָנקעל מארק קומט יעצט שטענדיג זעהר פריה אהיים?

מ א ד א ם. יא, טאקי, מארק, ביסט עפּים די לעצטע צייט געווארען א סטאטעק. ר׳ שמשון דוד זרחי, אָהן חרטה איז אָהן חרטה... געגאנגען זאָל ווערען, געהט מען... (זיי שפּיעלען. מאַרק געהט אינ׳ם דאקטאָר׳ס אבטיילונג. זעצט זיך אין אַ ווינקעלע).

פ א נ י ע. (געהט צון איהם). וואס בעהאלט איהר זיך? אייך שטעהט ניט אָן אונזער קאָמפּאניע? (אָליע לאָזט פון זיי ניט אראָפּ די אויגען).

מ א ר ק. פאניע ביסט געזונד ווי א סאָלדאט.

פ א נ י ע. א העזה פון אן אריסטאָקראט! איך זאָג איהם, „איהר״ און ער זאָגט מיר „דו״.

מ א ר ק. דו נאר, פאר וואס זאָגסטו מיר ניט „דו״.

פ א נ י ע. איך האָב עטליכע מאָל געוואלט פּרובען זאָגען דער שוויגער מאמא, דעם דאָקטאָר — יעווגעני און אייך — „דו״; נאר אז מען פיהלט ניט, קערט זיך ניט די צונג.

מ א ר ק. פאר זיי אַרט מיך ניט. — זיי זיינען אלטווארג, אָבער מיט מיר האָסטו שוין לאנג געדאַרפט זיין א גוטער ברודער... פאניע, דו זאָלסט פיהלען, וואָלט זיך שוין ביי דיר די צונג געקערט.

פ א נ י ע. וואס מיינט איהר?

מ א ר ק. דו פערשטעהסט שוין זעהר גוט, וואס איך מיין. אזעלכע שענע, אפּעטיטנע ווייבלעך ווי דו פערשטעהען אויפ׳ן וואונק.

פ א נ י ע. עס קען זיין, איהר זאָגט נאָר קאָמפּלימענטען און איהר מיינט עס גאָר ניט... אָבער עס איז אזוי גוט צו הערען.

מ א ר ק. איאָ, עס איז גוט? (קוקט זיך אום און גיט איהר א קנייפּ אין האַנד. אליע בעמערקט עס).

פ א נ י ע. (כאַפּט זיך ביים האַנד). אוי, איהר שד, דער רוח זאָל אייך נעהמען! (לאַכט). צוויי ליבליכע ברידער, דאכט זיך, איינער האָט ליעב צו פּיעל צו קנייפּען. און דער אנדערער... (מען קלינגט, מארק זעצט זיך פון דער ווייטען).

מ א ר ק. דאס איז ער!

פ א נ י ע. נו, וואס אנטלויפט איהר, ווי א גנב? (פּומפּיאן קומט).

פ י י ו ו ע ל. מען האָט געקלונגען? אה, ר' שמשון דוד, האָט איהר עפּיס א גוטען סכות?

ז ר ח י. יא, קיין סאָלדאט איז מיר אין דער סוכה ניט אריינגעפאלען. געהט מען.

פ י י ו ו ע ל. (לויפט עפנען). יא, געגאנגען זאָל ווערען, געהט מען. (מען קלינגט נאָך אמאָל. פּייוועל לויפט עפענען).

מ א ר ק. פאניע, דו ווייסט, מען קען פון דער ווייטען קושען מיט די אויגען. זעה, ווי איך קוק... (קוקט אויף איהר לאַנג).

פ א נ י ע. (געגנעצט). פע! געהט אין דר'ערד אריין. (פּייוועל קומט מיט חיוטינ'ן. ברענגט אַ פּאַקעט און לעגט עס אויפ'ן דאָקטאָר'ס טיש. חיוטין ווישט אויס די ברילען. בייז). וואס איז דאס פאר א פאקעט?

פ י י ו ו ע ל. (שטיל). אליע דארף זי וויסען! איהר טאַ־טענס עסק... (לויט). א בריעף צום דאָקטאָר פון באָלניצע.

ח י ו ט י ן. גוט'ן אבענד, מאדאם דאָקטאָרשע... גוטען אבענד, הער פינאנסיסט. וואס הערט זיך וועגען קורס, אקציעס, אבליגאציעס, דעפּאזיטען, קאָנסאָלידירען, דעפּאָנירען, דיסקאָנ־טירען?

מ א ר ק. דער קורס פון אייערע אקציעס האלט ביים דיס־

קאנטירען. און מיר דוכט זיך, אז מען וועט אייך דיסקרעדיטירען.

ח י ו ט י ן. אזוי? בין איך אונגליקליך... אה, די גאנצע כאפטע איז דא... גוטען אבענד! ליאליעטשקע, ווי געהט עס?... (קושט זי).

ש ר ה ה י נ ד ע. א דייטש מיט א'ן אויסגעריבענעם פאלמערסטאן.

מ א ד א ם. חיוטין, איהר מישט אייך ניט...

ח י ו ט י ן. ניט מישען זיך? דען קום לערנען, ליאליע...

א ל י ע. ניין! איך וויל זעהן ווי מען שפיעלט, און הערען ווי מען דערצעהלט היסטאריעס.

פ י י ו ו ע ל. אז איך בין געווען א יונגעל, האב איך אויך ליעב געהאט צו זעהן א שפיעל... איך פלעג שטארבען. (אלע אין דער צווייטער אבטיילונג. מארק און פאניע אין דאקטאר'ס קאבינעט).

פ א נ י ע. איך ווייס ניט, פאר וואס איך האב דעם חיוטין פיינט ווי חזיר.

מ א ר ק. ער איז פערמישט דער טייוועל ווייסט אין וועלכע זאכען. עס קען זיין, ווען ער געהט אהער, געהען איהם נאך זשאנדארמען מיט שפיאנען... ער איז פון די דאזיגע: — סאציאליסט!

פ א נ י ע. טאקי? נו, יא, אייער ברודער'ס געשעפטען.

מ א ר ק. ער און די אלטע, זיי נעמען ביי איהם פראקלאמאציעס און דעקלאראציעס... ער וועט אונז אלע אמאל אונגליקליך מאכען. זעהט איהר דאס בוך? (קוקען אריין. רעדען שטיל).

ח י ו ט י ן. אלזא, אליע, דו געהסט ניט? וועל איך דערווייל אריינקוקען דעם דאקטאר אין ביבליאטעק אריין. מאדאם דאקטארשע און הער פינאנסיסט, איך האף, איך שטער אייך ניט. (געהט צום שאפע מיט ביכער).

מ א ר ק. ניין, הער פילאזאף, איהר שטערט מיר ניט. (אב צו זיך). שטאלץ ביי זיך, דער ארעמער בעל גאוה. (אב).

פ י י ו ו ע ל. דער געלערנטער קבצן וועט באלד פערקי־רעווען דעם דישעל. פערשטאנען?

ח י ו ט י ן. (בייז). וואס איז? פערשלאָסען גאר? דאס איז א נייעס. פומפיאן, ביי אייך איז דער שליסעל פון שאפע?

פ א נ י ע. וואס איז עפּיס פומפיאן פאר א מאכער? דער שליסעל איז ביי מיר.

ח י ו ט י ן. ביי אייך דער שליסעל פון די ביכער?

פ א נ י ע. יא, ביי מיר... עס איז איצט ניט ווי א מאָל, יע־דער איז געווען דאָ בעל־הבית אין שטוב.

ח י ו ט י ן. אזוי? נו, זייט זשע מוחל און גיט אהער דעם שליסעל. (אליע קומט אין קאַבינעט).

אָ ל י ע. אָה, פאניע, מוסיו חיוטין וועט בייז ווערען.

פ א נ י ע. בייז... הם! וועט ער מיר ניט שיקען קיין שלח מנות... ביכער קאָסטען געלד...

ח י ו ט י ן. איהר רעדט אויך פון ביכער?

פ א נ י ע. איך רעד דערפון, וואס מען בענוצט זיך דערמיט, וואס דער דאָקטאָר איז א שטילער תם, און מען בענעהמט איהם... מען שטעלט איהם בדיל דל... מען שלעפּט!... יעדער שלעפּט.

ח י ו ט י ן. ווען מיינט איהר דאס? ווער שלעפּט?...

פ א נ י ע. עס איז דאָ גענוג שלעפער... (מאַדאַם הערט אויף שפּיעלען).

פ י י ו ו ע ל. זי וועט איהם אָבהאקען די פליגלען. דאָס איז גוט. א שניידער'ס א זוהן, א גאנצער ר' שמעלקע...

ז ר ח י. פאניע, מילא די מאמע דיינע אין דער היים, אָבער דאָ?... מען דארף דאָך וויסען, וואו דער חמור שטעהט...

ש ר ה ה י נ ד ע. וואס איז? וואס איז? ער איז דאָ, דער גולם! פאניע וועט דאָך ניט רעדען אזוי אין דער וועלט אריין... וואָס מיינסטו, זי האָט דיין שכל? זי פערשטעהט, מסתמא, וואס זי טוט...

ח י ו ט י ן. יא, זי פערשטעהט א סך. זי נעהמט דעם דאָקטאָר

אונטער איהר השגחה, מסתמא פערשטעהט זי א סך. (טוט אַן זיין הוט. מען קלינגט).

פ י י ו ו ע ל. איך האָב מורא, דער פּראָפעסאָר וועט מיר אבטון, און וועט ברוגז ווערען. פערשטאנען ? א גוטען תמיד. (אב).

אָ ל י ע. פאניע, איבער דיר געהט קיינער ניט צום פּאפּא... האָסט אלעמען פערטריבען...

פ א נ י ע. איך דארף זיי נויטיג די פּריצים ד'ארטען מיט די געלערענטע, איך זאל זיצען און קוקען אויף זיי, ווי א האָן אין בני אדם. אויך מיר קאָמפּאניעס!

אָ ל י ע. יא, קאָמפּאניעס! מויסיו חיוטין, איהר געהט אוועק ? און לערנען ? — איך האָב פריהער געזאָגט ער וועט בייז ווערען... קומט לערנען, מוסיו חיוטין.

ח י ו ט י ן. לערנען ? די מאדאם דאָקטאָרשע וועט דאָ מיט אייך אלעמען לערנען! איך לערן ניט היינט! (לויפט צום טיר, בעגעגענט דעם דאָקטאָר און פייוולען. דער דאקטאר טראגט א נייעם קאסטיום און א בערדעל בולאנזשע).

ד אָ ק ט אָ ר. טררר! וואס איז געשעהן ? א באטאליע הא ? (כאַפּט איהם ביי'ם האנד).

ח י ו ט י ן. אי, לאָזט מיך צורוה!... (רייסט זיך).

ד אָ ק ט אָ ר. קומט נאר אהער, משוגענער! זעה נאָר, א באָמבע האָט אויפגעריסען...

ח י ו ט י ן. איהר וועט מאכען שפּאס שפּעטער... קומט נאר אהער... (שטיל). איך ווייס, ביי אייך אין שאפּע איז דאָ פערבאָטענע זאכען — רוימט עס אויף... איהר האָט יעצט פיעל שונאים... איך ווייס ניט, פאר וואס די גאנצע שטאדט איז אויף אייך להרוג ולאבוד. דאס זאג איך אייך, און ווייטער מעגט איהר אייך שלאָגען קאָפּ אין קישען... מיין פּוס וועט אייער שוועל ניט אריבערטרעטען! (ראש אב).

ד אָ ק ט אָ ר. איבער'ן שוועל ניט אריבערטרעטען! וואס איז דאָ געוועזן!

מ א ד א ם. גאָר ניט, האָבען זיך צוואווערטעלט א ביסעל מיט פאניען... מיר, פרידליכע בירגער, האָבען אנערקענט איבער זיך די מאכט און די אויטאָריטעט פון אונזער יונגער ווירטין... ער אבער איז א רעוואָלוציאָנער, ער בונטעוועט... ניש׳קשה, מיר וועלען איהם צוגעוואוינען... איאָ, פאניע?... מיר דאכט זיך נאר, ביסט געווען א ביסעל צו שארף. מיינסטו ניט, פאניע?

פ א נ י ע. א מענש דארף זיין מיט א גאל... ניט שטענדיג זיס, אמאָל ביטער אויך.

ד אָ ק ט אָ ר. כא! כא! כא! זי האָט זיך איהר אייגענע לאָגיק... און ער איז א ביסעל א משוגענער... ניט שרעקליך... דאָך, פאניע, היוטין פערדיענט געאכטעט צו זיין. איך האָף, מיט דער צייט וועסטו זיך אויסלערנען צו שעצען אזעלכע מענשען...

פ א נ י ע. א גרויסער מענש מיט אויסגעריבענע ארבעל!

ד אָ ק ט אָ ר. און אויסער דעם, מיין פריינד... היינטיגע צייטען אן אמת׳ער גוטער פריינד איז זעהר א טייערע זאך, מען דארף זיך ניט ווארפען מיט זיי.

פ א נ י ע. איך זאג דיר, ווערסט גליקליך פון אזעלכע פריינד.

אָ ל י ע. מוסיו חיוטין וועט שוין מעהר ניט זיין מיין לעהרער? פאפא! פאפא! ער איז אזא גוטער מענש... נאר זיי פערשטעהען איהם ניט. שיק נאָך איהם, פאפא.

ד אָ ק ט אָ ר. ניש׳קשה ,איך וועל איהם זעהן, און וועל איהם בעטען מחילה, און ברענגען.

פ א נ י ע. א נויטיגע זאך...

ז ר ח י. שרה הינדע, מיר דאכט זיך, מיר מעגען שוין געהן. (שטיל). אי, זי קאָמאנדעוועט.

ד א ק ט אָ ר. געהן גאר? דאס ניט... זיצט! איהר וועט ביי מיר ניט געהן אזוי גיך.

מ א ד א ם. ר׳ זרחי, וואס האָט איהר קיין צייט ניט? קומט מיר וועלען ענדיגען די דאמקע. (זיי זעצען זיך שפיעלען). יא! יא!

ד אָ ק ט אָ ר. אליע, אהער צו מיר!... עס איז ערלויבט!... פון היינטיגע קראנקע האָב איך אפילו קיין קרענק ניט געקענט ברענגען אהיים... (אומארמט זי און קושט). ניש׳קשה, אליעטשקע, מיר וועלען איהם ברענגען צוריק מיט פויקען און טראָמפּייטען... איהר זעהט, שוויגער, נאָזטיכלעך — פאר אונז, א קאָסטיום — פאר אונז, און מאנזשעטען — פאר אונז! אין שטוב געמיטליך, יעדע זאך אויפ׳ן פּלאַץ, אויף יעדער זאך קוקט אן אויג פון א נאטשאלניק... א מאָל אפילו כאפּט די נאטשאלסטוואָ א ביסעל אריבער די מאָס, אָבער דאס מאכט ניט אויס... ברודער פּומפּיאן, איך בין א ביסעל מיעד, איך וועל מיט דיר לערנען מארגען. שש! איא, זי איז געווארען נאָך שענער און געזונטער? כע! כע! כע! זי בליהט, ווי א יונגער, שטארקער בוים... (געהט אין דער צווייטער אבטיילונג).

פ י י ו ו ע ל. נו, יא, א ווייב מיט נאטור...

ד אָ ק ט אָ ר. מאמא, דו געה אהער מיט דער פעשקע, נעמסטו דאָך צוויי. פאניע, דו שפּיעלסט ניט אין דאמקעס?

פ י י ו ו ע ל. זי שפּיעלט א גאנצע דאמע. פערשטאנען?

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, איך וועל האָבען צייט, וועל איך דיך לערנען שפּיעלען שאך... זעהר אינטערעסאנט.

פ א נ י ע. ווייס איך, אויך מיר א שפּיעל!... קארטען האָב איך ליעב, ווען מען שפּיעלט אויף געלד. עס פערכאפּט אזש דער אטהעם. אין אָקע, אדער וואָזאָק — צעהן קאָפּיקעס א קאָן! דער דאָקטאָר אָבער האלט ניט פון אזעלכע זאכען. וואס איך האָב ליעב, האָט ער פיינט.

ד אָ ק ט אָ ר. איך זאָל שפּיעלען קארטען? פאניע, איך ווייס ניט, וויפיעל אויגען האָט א זעקסטעל און וויפיעל א זיעבע־טעל, א שענער קארטענשפּיעלער!

ז ר ח י. א קארטענשפּיעלער? דאָס דערמאָנט מיך א וואוילע זאך...

ש ר ה  ה י נ ד ע. איהר דארפט איהם? אט איז ער דאָ מיט זיין וואוילע זאך.

ד אָ ק ט אָ ר. אייערע געשיכטעס זיינען מאנכעס מאָל זעהר כאראקטעריסטיש. אויב איך וועל האָבען א מאָל צייט, וועל איך זיי פערשרייבען... עס איז א מאטעריאל צו פארשען דעם כא־ראקטער פונ'ם יודישען הומאָר.

ז ר ח י. (ערפרייט). דאס איז הומאָר? און איך האָב ניט געוואוסט. דו הערסט, שרה הינדע? דער דאקטאָר זאָגט עס איז הומאָר, און ביי איהר איז דאָס א גאָר ניט. הערט־זשע: אין מארק האָבען זיך צוויי ווייבער צוקריגט, זאָגט איינע: בעגראָבען זאָלסטו זיך, דיין מאן איז דאך א קאָרטענשפּיעלער! — מיין מאן איז א קארטענשפּיעלער? איך בין דאך גאר אן אלמנה. ווי אזוי איז ער א קאָרטענשפּיעלער, זאל ער זיך מיהען פאר אונז, אז ער איז שוין לאנג אויסגעלייטערט געווארען אין גן עדן? האָסט געהערט? איך זאל זיך בעגראָבען, זאָגט זי, אויב מיין מאן איז א קארטענשפּיעלער! — שא! שא! זאָל זיין, ער איז ניט קיין קארטענשפּיעלער, אָבער בעגראָבען זיך מעגסטו דאָך... כא! כא! כא! אָבער... כא! (הוסט און לאכט).

אָליע. פּאפּאָטשקע, דער דיאדיע זרחי דערצעהלט אליין און לאכט אליין. פּאפּעלע, וואס ער האָט דערצעהלט, איז געווען א געשיכטע? איך האָב גאר ניט פערשטאנען. (אלע לאַכען).

ד אָ ק ט אָ ר. יא, הינדעלע, דאס איז א געשיכטע, כא! כא!

פ י י ו ו ע ל. אוי, דאָקטאָר, איך האָב פארגעסען, א פּאַ־קעט פון באָלניצע. (דאקטאָר און פּומפּיאן געהן אין קאַבינעט אריין. דער דאקטאָר לעזט דעם פּאַקעט).

מ א ד א ם. פאניע, פאר וואס זאָלסטו דיינע געסט ניט מכבד זיין?

ז ר ח י. א ביסעלע בראנפען מיט א שטיקעלע קיכעל וואָלט געווען שהכל נהיה מיט מזונות.

פ א נ י ע. (גענעצט). אה, עס איז שוין שפעט. די געסט מע־גען געהן היינט אהיים אָהן כבוד.

ש ר ה ה י נ ד ע. מען געהט דען צוליעב דעם כבוד? אבי מען זעהט זיך אין נחת און פריידען...

פ י י וו ע ל. דאקטאָר, וואס איז? א שלעכטער בריף?

ד אָ ק ט אָ ר. (זעהר ערביטערט). ברודער פומפיאן, זעהר א טרויעריגע בשורה... מען האָט מיך ארויסגעווארפען פון האָספיטאל... צעהן יאהר שווער געארבייט... מאמא, ווילסט עפּיס הערען? פאניע, קום אהער — מיר האָבען נייעס (אלע געהן אין קאַבינעט). כא! כא! די דירעקציע פון האָספיטאל שרייבט מיר, איך זאָל מוחל זיין זיצען אין דער היים...

מ א ד א ם. אָהן מאָטיוועז, אָהן אורזאכען? וואס איז דאס עפּיס פלוצלונג מיט דער דירעקציע מיט דיינער?

ד אָ ק ט אָ ר. אָה, זיי דערמאָנען פון מיינע נייע פאמיליען־אנגעלעגענהייטען, וועלכע צווינגען מיך צו פערנאכלעסיגען מיין ארבייט... דאס איז איראָניע! זיי דערמאָנען, אז דער זשאנ־דארמסקי פּאָלקאָווניק האָט ניט קיין גוטען מיינונג פון מיר... דאָס איז שוין ניט קיין איראָניע, דאס איז שווייגעריי! מאָטיוועז? וועלכע מאָטיוועז האָבען אונזערע פילאנטראָפּען? קליינינקע פער־זענליכקייטען, כבוד איז ביי זיי וויכטיגער, ווי די ליידען און די ווירקליכע אינטערעסען פון אלע אונגליקליכע און ליידענדע! (קלאַפּט אין טיש). געמיינע לומפּען!

ש ר ה ה י נ ד ע. וואס איז דאס, פאניע, מען האָט איהם אבגעזאָגט פון דער שטעלע?

פ א נ י ע. מאמא, דאס איז פופצעהן הונדערט רובעל א יאָהר... פערשטעהסטו, וואס דאס איז?

מ א ד א ם. דער דירעקטאָר ליליענוואסער קען דיר ניט מוחל זיין, וואס דו האָסט ניט גענומען זיין טאָכטער, די אלטע אלמנה. נאר, וואס דארפסטו זיך אָבעסען דאס הארץ? פערפאלען.

אָ ל י ע. פּאַפּאָטשקע, וואס איז דאס? אלע מוטשען דיך — עס איז ניט אויסצוהאלטען!

ד אָ ק ט אָ ר. (געריהרט). גאר ניט, קינד. זיי ווילען מיך ניט אין באַלניצע, מען דאַרף מיך ניט מעהר... איך הויב אָן צו ווערען אן איבריגער מענש... (פערטראכט זיך). אָבער, אָליע, עס איז שוין שפּעט און דיר איז שוין צייט צו גערן שלאָפען... אז דו וועסט ניט וויסען אלץ פון וואָס מען רעדט דאָ, וועט פאר דיר געזונטער זיין...

א ל י ע. נאָר איך אליין זאָל געהן שלאָפען?

מ א ד א ם. קום, איך וועל געהן מיט דיר. האָט קיין פער־איבעל ניט, זי איז ביי אונז א געבאלעוועטע. א גוטע נאכט. יעווגעני, האָב א גוטע נאכט און הער זיי ווי די קאץ... איך וויים ניט, וואָס עס וועט ווערען פון האָספּיטאל אָהן דיר. דו אָבער וועסט אָהן זיי אויך בלייבען יעווגעני גאָלדענווייזער... ניט אזוי, פאניע?

פ א נ י ע. דער שפּיטאָל קען קריגען אנאנדער דאָקטאָר, גאָלדענווייזער קען אָבער ניט קריגען קיין אנדער שפּיטאָל.

פ י י ו ו ע ל. ניש׳קשה, עס איז ניטאָ אין שטאדט א סך אזעלכע דאָקטוירים, ווי מיר זיינען. פערשטאנען?...

פ א נ י ע. עס איז גרינג צו זאָגען. 15 הונדערט רובעל!...

מ א ד א ם. פאניע גוטע נאכט. (שטיל). שש! פאניע, עס איהם ניט אָב דאס הארץ. (לויט) א גוטע נאכט.

פ א נ י ע. ניט יעדען קען מען נעהמען און ארויסווארפען!

אָ ל י ע. א גוטע נאכט, פּאפּאָטשקע. (קושט איהם און געהט).

ד א ק ט אָ ר. נו, און פאניען זאָגסטו ניט א גוטע נאכט?

אָ ל י ע. ניין, פאניען ניט, איך האָב זי ניט ליעב היינט. ווילסט, פּאפּא, איך זאָל מיך פארשטעלען און זאָגען ליגען? וועל איך איהר זאָגען א גוטע נאכט.

ד א ק ט אָ ר. ניין, אָליעטשקע, דאס וויל איך ניט. אה, דו קליינער טייוועל!...

פ א נ י ע. זעהסט, מאמא, ווי אזוי זי פיהרט זיך אויף,

ביי איהר טאטען? איך האָב זיך ביי דיר ניט אזוי אויפגעפיהרט. אנדערע קינדער האָבען גליק. האָסט מיך ניט ליעב היינט, אליע? ניש'קשה, וועסט מיך ליעב האָבען מאָרגען... אויב דו ווילסט זיך ניט איבערבעטען, האָב א גוטע נאכט ניט איבערגעבעטענערהייט.

מ א ד א ם. קום, קום, דו קאפריזנע מיידעל. א גוטע נאכט. (זי דראָהט אליען מיט'ן פינגער און פיהרט זי. אָליע דראָהט איהר צו־ריק,ביידע אב).

ש ר ה ה י נ ד ע. נו קום. פון דעסטוועגען האָט מען גע־דאַרפט זעהן מענשען זאָלען זיך אריינלעגען, עס איז דאָך א קהל'שע זאך...

ז ר ח י. מיט דיינע מענשען מעג זיך אריינלעגען אין דר'ערד דיין קהל'שע זאך, אז אזא זאך קען זיך טרעפען!

פ י י וו ע ל. ניש'קשה, אלע קראנקע און אלע דינער דאַרט וועלען ניט פארגעסען אונזער דאָקטאָר.

ד אָ ק ט אָ ר. ביסט א נאר, פייוועל. איך האָב דאָרט צעהן יאָהר געארבייט, און זיי וועלען מארגען שוין זעהר ווייניג דענ־קען פון מיר... אזוי איז דאָס לעבען. (פערדעקט זיין געזיכט).

ז ר ח י. קום, שרה הינדע, אהיים. דעם דאָקטאָר ליעגען איצט די געסט אין דער לינקער פיאטע.

ש ר ה ה י נ ד ע. קום. אונזערע שונאים, אנשטאט אונז מקנא צו זיין, וועלען נאָך האָבען נקמה... מסתמא וועט דער דאָק־טאָר זיי ווייזען, אז עס איז א טעות, וואס מען רעכענט איהם פאר א מעקעלע... א גוטע נאכט.

ז ר ח י. א גוטע נאכט... עס איז אודאי ביטער, עס פער־דריסט, אָבער די בעלי־טובות אונזערע, זיי מיינען נאר זייער כבוד... אין דער תלמוד תורה, מיינט איהר איז ניט אזוי? מיר זיינען קליינע מענשעלעך, אָבער אזא מענש ווי איהר... האָט א גוטע נאכט. (זיי געהען. פאָניע בעגלייט זיי).

ד אָ ק ט אָ ר. געהט געזונטערהייט. פאָניע, מיר וועסטו גע־בען דעם שליסעל פון דעם ביכער שראנק?

פ א נ י ע. (גיט איהם דעם שליסעל). א גדולה אויף מיין קאפּ!... ער וועט שוין נעהמען א בוך און זעצען זיך לערנען, אב־ריכטען חצות... א לעבען... (אב מיט איהרע עלטערן. דער דאָקטאָר עפענט די שאַפע, נעהמט ארויס פון די ביכער פּאַפּירען און צייטונגען).

ד אָ ק ט אָ ר. חיוטין איז גערעכט, מען דארף אויסראמען דעם חמץ. די זשאנדארמען און די דירעקטאָרען זיינען מיט מיר ניט צופריעדען... (פּאַניע קומט צוריק). ברודער פּומפּיאן, ווילסטו זיין אזוי גוט און דאס אלץ באלד פערברענען?

פ י י ו ו ע ל. אז איהר וועט מיר הייסען, וועל איך אָנצינ־דען די גאנצע שטאדט. (נעהמט אַלע פּאַפּירען און געהט). דאָקטאָר, איך וועל זיין דאָרטען ביי מיר, טאָמער וועט איהר דארפען, איך וועל זיך נאָך קראצען א ביסעל מיט דער אנאטאמיע. א גוטע נאכט. (אב).

פ א נ י ע. איצט פערברענסטו דאָס, ווען דער שפּיטאָל איז שוין פערברענט געוואָרען... נאָך דער שרפה בלאָזען אויפ'ן פייער... דאָקטאָר, מען זאָגט, וואוהין חיוטין געהט, געהט נאָך די גאנצע פּאָליציע.

ד אָ ק ט אָ ר. (גוטמוטיג). נארעלע, וואס האָסטו מורא פאר דער גאנצער פּאָליציע?

פ א נ י ע. מען זאָגט ער איז א סאָציאליסט... זעהר שען פאר אייך צו זיין מיט איהם גוטע ברידער... דאס פּאסט דער רוח ווייסט פאר ווען, אָבער ניט פאר א רעכטען מענשען.

ד א ק ט אָ ר. פאניע, וועסט זיך ענטוויקלען וועסטו מעהר פערשטעהן, וואס איז רעכטער מענש און וואס איז ניט רעכטער מענש...

פ א נ י ע. ער וועט אונז אונגליקליך מאכען.

ד אָ ק ט אָ ר. אז מיר זאָלען ניט וועלען, קען אונז קיינער ניט אונגליקליך מאכען... אין דעם זין איז ריכטיג, אז יעדער מענש מאכט זיך אליין אונגליקליך.

פ א נ י ע. איך האָב איהם פיינט און וויל ניט, ער זאָל געהן אהער... איך וויל דו זאָלסט ווערען מיט איהם אויס מחותן...

ד אָ ק ט אָ ר. פאניטשקע, מיט ווענען איך זאל זיין מחותן, אָדער ווערען אויס מחותן, דאס איז מיין זאך... נאר גע־ וויס, דו ביסט דאָ די ווירטין פון הויז און אהער דארף ניט געהן קיינער, ווענען דו קענסט ניט ליידען... אבער אז איך וועל דיך בעטען, פאניע, צוליעב מיר און אָליען זאָלסטו איהם ערלויבען אהער געהן, וועסטו דאָך ניט זיין קיין שלעכטע? נישט אמת?

פ א נ י ע. אן אלטער מענש זאָל זיך לאָזען פון א יונגעל פיהרען ביי דער נאָז, פע!

ד אָ ק ט אָ ר. (גוטמוטיג). ניט נאר פון א יונגעל, א מיי־ דעל האָט מיך א מאָל געפיהרט ביי דער נאָז... כא! כא! ניט וואהר?

פ א נ י ע. 15 הונדערט רובעל! א קלייניגקייט!... און גאר ניט!

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, דאס געלד, קימערט מיך ווייניג. זיי רוהיג, קינד, אויב איך וועל נאר וועלען, קען איך פון פריוואטער פראקטיקע פיעל מעהר פערדיענען. דער האספיטאל פלעגט ביי מיר צונעהמען די גאנצע צייט מיינע.

פ א נ י ע. טאקי? פיעל מעהר? אויב עס איז אזוי, מעג קומען אויף זיי די כאָלערע מיט'ן שפּיטאָל.

ד אָ ק ט אָ ר. די כאָלעריע? פע, פאניע, עס איז ניט שען אזוי צו שעלטען זיך. מיך פערדריסט, איך האָב ליעב געהאט די ארבייט. פערשטעהסט, עס איז א פעלד, וואו מען קען לערנען און נוצליך זיין. אזוי פיעל עקספּערימענטען, אזוי פיעל מאטעריאל אונטער'ן האנד.

פ א נ י ע. מען האָט דען געצאהלט פאר דעם מאטעריאל בעזונדער?

ד אָ ק ט אָ ר. היינט מיינע באקטעריאָלאָגישע ארבייטען.

דאָרט האָב איך געהאט א קעלער, אלעם איינגעריכטעט. טערמאָס־טאטען, מיקראָסקאָפען, האָב געהאט פיעל קראָליקעס.

פ א נ י ע. קראָליקעס? דאס איז אויך א גרויסע זאך! אן אלטער מענש זאָל האָבען יסורים, וואָס מען נעהמט צו ביי איהם די קראָליקעס.

ד אָ ק ט אָ ר. קינד, איך פלעג זיך ניט שפיעלען מיט די קראָליקעס, איך פלעג זיי אריינשפריצען פערשידענע באקטעריען.

פ א נ י ע. וועסטו זיי ניט אריינשפריצען מעהר. א נויטיגע זאך!

ד אָ ק ט אָ ר. איך האָב געהאט דאָרט אן אבעזיאנע אויך...

פ א נ י ע. נו, יא, די אבעזיאנע ליעגט דיר מעהר אין זין ווי דיין ווייב!

ד אָ ק ט אָ ר. פערשטעהסט, איך שרייב איצט א וויכטיגע ארבייט וועגען די פונקציאָנען פונ׳ם מילץ, און איך האָב ניט גע־ענדיגט מיינע עקספערימענטען, וואס איך פלעג מאכען מיט דער אבעזיאנע...

פ א נ י ע. א מילץ! אן אבעזיאנע! אויף מיין ווארט, עס איז ניטא, ווער עס זאָל לאכען פון דיר. דאָס רעדט א יוד, וואס איז אין איינע יאָהרען מיט מיין טאטען. (געגעצט). קום שוין בע־סער שלאָפען...

ד אָ ק ט אָ ר. ניין, פאניע, איך וועל נאָך א ביסעל אר־בייטען... איך דארף שרייבען. (נעהמט פון זיין שרייב טיש פאפירען און פאָרבערייטעט זיך צום שרייבען).

פ א נ י ע. דאס האָב איך פון איהם! דו וועסט שרייבען, און וואס וועל איך טון? מען קען דאָך דאָ משוגע ווערען פון אומעט...

ד אָ ק ט אָ ר. (מיט מיטלייד). דיר איז דאָ לאנגווייליג? ארעמע פאניע, איך פערשטעה... דיין יונגעם, געזונדעם לעבען איז נאָך דערוויילע לער... האָסט ניט דערווייל קיינע אינטערעסען...

פ א נ י ע. איך האָב געמיינט, אריסטאָקראטען, מען לעבט,

מען טאנצט, מען מאכט זיך פריילעך... ביי פּראָסטע מענטשן, ביי קבצנים איז דאָך א סך פריילעכער.

ד אָ ק ט אָ ר. פּיהלסטו זיך לאנגווייליג הא? עס קען זיין, עס איז א גערעכטע טענה... הער, פאניע, ווילסט, וועל איך אבלעגען מיין שרייבען און וועל דיך לערנען שפּיעלען א שאך. (נעהמט א קעסטעל מיט שאך־פיגורען).

פ א נ י ע. א שאך? א פריילעכע שפּיעל. א מחיה!...

ד אָ ק ט אָ ר. האָר אוים, פאניטשקע, ווינטער וועט דאָ זיין א רוסישע טרופּע, וועסטו פאָהרען אָפט אין טעאטער. וועל איך ניט האָבען קיין צייט, וועט מארק מיט דיר פאהרען.

פ א נ י ע. נו, יא, עס וועט זיך ווען אמאָל טרעפען. דערווייל גען איך אום ווי צו חלום, מיר איז אומעטיג. איך ווייס ניט וואס צו טון, אין קאָפּ קריכען דער רוח ווייס וואסערע געדאנקען... און דערצו נאָך, דו הער בעסער, דיין ברודער, דיין מארק, ער קריכט צו מיר ווי א חזיר.

ד אָ ק ט אָ ר. וואָס? מארק? כא! כא! כא! נאר, געוויס איז ער פאמיליאר מיט דיר, ווי מיט א שוועסטער... אזוי וואָלט איך אויך געוועזן מיט זיין פרוי, ער זאָל זיין פערהייראט....

פ א נ י ע. דו מיט זיין פרוי? ניין, דו ביסט ניט אזעלכער.

ד אָ ק ט אָ ר. מיך פרייט זעהר, וואס ער האלט זיך ניט שטאָלץ געגען דיר. אבער, פוי! דאס איז ניט שען פון דיר צו האָבען אזא מיאוסען געדאנק... מיר זיינען אלע אינטים, ווי ברודער און שוועסטער... כא! כא! כא! וואס איהר קען איינפאלען!...

(זעצט זיך צו זיינע פּאַפּירען).

פ א נ י ע. איך האָב דיר געזאָגט, און ווייטער ווי דו פערשטעהסט. אוי, איך זאָל כאָטש האָבען א קינד. אז איך האָב שוין יא חתונה געהאט, וויל איך זיין א מאמע ווי אנדערע... ביילע טשיזיקס האָט חתונה געהאט שפּעטער פון מיר און האָט שוין א קינד. ביזט דאָך א דאָקטאָר!

ד אָ ק ט אָ ר. יא, איך בין א דאָקטאָר און איך זעה, דו

הויבסט אָן ווערען נערוועז, דאס איז ניט גוט. (טיעפּט זיך איין און שרייבט). „די פּאסיווע פונקציאָנען"...

פּ א נ י ע. נו, יא, ער שרייבט זיך פונקציאָנען, שמונקציאָנען! און וואָס זאָל איך טון? וואס זאָל איך טון?

ד אָ ק ט אָ ר. דו ווילסט נאָך ניט שלאָפען? (לעגט אוועק זיין פעדער). פאניע, הער, אויב דו ווילסט, וועל איך זיך זעצען דאָ מיט דיר און וועל דיר ענדיגען די ערקלערונג: פון וואנען נעהמט זיך שניי און רעגען?

פּ א נ י ע. נו, יא, שניי און רעגען ליעגט מיר איצט אין זין. איך דארף עס נויטיג.

ד אָ ק ט אָ ר. שא, ווייסט וואס? איך וועל דיר וואס שפּיעלען אויף דער פיאנא. (זעצט זיך צו דער פיאנא און נעמט עטליכע אקקאָרדען).

פּ א נ י ע. האלבע נאכט באראבאנען אויפ'ן טאָפּשאָן... דו זאָלסט שפּיעלען גיטארע, אדער כאָטש פידעל. פּארטעפּיאן פערשטעה איך ניט און איך האָב ניט קיין הנאה דערפון.

ד אָ ק ט אָ ר. עס טוט מיר לייד, איך שפּיעל ניט גיטארע, זאָגאר ניט פידעל... דו פּאָלג מיך בעסער, פאניע, נעהם א בוך און לעז. קענסט דאָך לעזען... האר אויס, איך וועל געפינען, איך האָב, דאכט זיך, ערגיץ טורגעניעוו'ס א ראָמאן. (זוכט). צום לעזען דארף מען זיך נאר צוגעוואוינען. די ערשטע צייט איז שווער, נאכדעם קען מען זיך ניט אָברייסען. (געפינט א בוך). א גוטער ראמאן! דו וועסט האָבען פערגניגען און וועסט פארגעסען, אז דיר איז אומעטיג. לעז, פאניע, דאס לעזען ענטוויקעלט דעם גייסט און בילדעט דעם כאראקטער פון א מענשען...

פּ א נ י ע. איצט זאל איך מיך זעצען לערנען גאר! דערויף האָב איך חתונה געהאט? אי, אפּנים דו זאָלסט זיין יונגער, וואָלט אנדערש געווען. (מען זעהט ווי זי לעזט לאַנגזאַם, פיהרענדיג מיט'ן פינגער איבער'ן בלאט. ער שרייבט לאנג. פּויזע. זי ווערט אנשלאָפען איבער'ן בוך. ער גיט אַ זיפץ און געהט צו'ן איהר).

ד א ק ט אָ ר. פאניע, ביסט אנשלאָפען געוואָרען? טור־געניעוו מאכט דיך שלעפעריג. הא?

פ א נ י ע. הא? נו, יא, עס איז זעהר אינטערעסאנט. (מען קלינגט. פומפיאַן קומט און לויפט עפענען).

ד אָ ק ט אָ ר. פומפיאן, ווער קען דאס זיין אזוי שפעט?

פ א נ י ע. ווערסט שוין אי"ה אוועקפאָהרען אויף א גאנצע נאכט. אוי, בעסער וואָלט איך ניט געבוירען געווארען אויף דער וועלט!

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, נאָך וואס האָסטו חתונה געהאט פאר א דאָקטאָר? דעם דאָקטאָר'ס צייט געהערט ניט צו איהם. מיין ארעמע דאָקטאָרשע. (פייוועל קומט).

פ י י ו ו ע ל. דאקטאר, מען רופט צו'ם אלטען מלמד, וואו איהר זייט געוועזן פארנאכט. איהם איז ערגער.

ד אָ ק ט אָ ר. נו, יא. א גאנצען יאָהר הונגערען זיי און יום טוב האָט ער געכאפט אן איבעריגען בים מיט א זופּ... עס איז זעהר א שארפער גאסטריטים, מען מוז באלד געהן זעהן...

פ י י ו ו ע ל. איך געה מיט אייך, איך וועל נאר עפּיס באפּען אויף זיך. (אב צו זיך אין צימער).

פ א נ י ע. ניש'קשה, צו קיין אנדער דאקטאר קריכען ניט די קבצנים ביינאכט... פאר דיר איז דאָס א געשעפט אנטלויפען פון מיר דערוויילע.

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, איך וועל באלד קומען.

פ א נ י ע. איך דארף בלייבען אליין, זיצען און ווארטען... (מארק קומט). מען קען משוגע ווערען.

מ א ר ק. ווער האָט עס' געקלונגען אזוי שפעט? און דא ביי אייך הער איך קאָנווערזאציאָנען.

ד אָ ק ט אָ ר. אָט איז מארק! ער' וועט זיצען מיט דיר. מארק, דאָ איז טורגעניעוו'ס א' ראָמאן. אז דו וועסט איהר לעזען,

וועט איהר אינטערעסאנט זיין צו הערען. (פייוועל קומט). איהר וועט גאָר ניט בעמערקען די צייט, ביז איך וועל קומען... פּומ־פּיאַן, וואו איז דער סטעטאסקאָפּ? (זוכט).

מ א ר ק. (נעמט דאס בוך). אָה, טורגעניעוו'ס ראמאן „רו־דין"... פאניע, דאס איז זעהר א שענער ראָמאַן.

פ א נ י ע. איך דארף עס נויטיג...

מ א ר ק. דו זיי נֵיט קיין נאר און שווייג.

פ א נ י ע. וואס מיינט איהר שוין ווידער.

מ א ר ק. (גאַנץ שטיל און ליידענשאפטליך). אזא געזונטע, אזא שענע, אזא יונגע ווייבעלע, זאָל ניט פערשטעהן...

ד אָ ק ט אָ ר. מיין בייזע דאָקטאָרשע, אויפ'ס ווידערזעהן. מארק, לעז לאנגזאם און ערקלער איהר יעדע זאך. ברודער פּומ־פּיאַן, מארש. (געהען ביידע ביז דער טיר. אָליע קומט פון איהר צימער אין אַ שלאָפּראָק, שטעק שיך אויף בארוועסע פיס).

אָ ל י ע. פּאפּאָטשקע!

א ל ע. (ערשטוינט). אָליע!

ד אָ ק ט אָ ר. וואס איז דאס, אָליעטשקע, דו שלאָפסט גאר ניט?

אָ ל י ע. פּאפּא, אויב דו פאָהרסט אוועק וועל איך דאָ זי־צען, ביז דו וועסט קומען. (מארק איז בייז).

ד אָ ק ט אָ ר. וואס הייסט דאָ זיצען? אליע, ביסט ניט אָנ־געטאַן, וועסט זיך פערקילען. געה שלאָפען באלד.

אָ ל י ע. ניין, פּאפּא, איך וועל דאָ זיצען, ביז דו וועסט קומען.

ד אָ ק ט אָ ר. וואס איז מיט דיר, אליע? נייע פאנטאזיען?

אָ ל י ע. אויב דו פאָהרסט אוועק, וועל איך דאָ זיצען מיט פאניען און אָנקעל מארק, ביז דו וועסט קומען אהיים.

פ י י ו ו ע ל. אפשר וואָלט איך אליין אריבערגעגאנגען? גאסטרא קאטארים, איך וויים.

ד אָ ק ט אָ ר. איך פערשטעה ניט, וואס איז דאָס מיט

איהר? (פיהלט איהר קאָפּ). פיהלסט זיך שלעכט? דיר טוט וואס וועה? פומפּיאן, נעהם א דראָשקע און פאָהר אריבער (זאָגט איהם עטוואס שטיל).

מ א ר ק. דער קליינער טייוועל! (לויט) נו, דעם ראמאן וועל איך דערוויילע אליין לעזען. גוטע נאכט. (אב צו זיך).

ד אָ ק ט אָ ר. אליע, אזעלכע קאפּריזען געפעלען מיר גאָר ניט. געה שלאָפען, איך בלייב אין דער היים.

פ י י ו ו ע ל. זינד מיר האָבען דאָ א ווייב מיט נאטור, האָט זיך אלעס איבערגעקערט דאָ קאפּויר מיט די פיס. נו, יא, פאניע זארחי׳ם! (אב).

אָ ל י ע. א גוטע נאכט, פּאפּאָטשקע. מיר טוט גאר נישט וועה. אז דו זאָלסט היינט אוועקפאָהרען, וואָלט איך מורא גע־האט צו שלאָפען. א גוטע נאכט, פאניע.

ד אָ ק ט אָ ר. קליינער דעספּאָט, געה שלאָפען. (קושט זי און בעגלייט זי ביז דער טיר). גוטע נאכט.

פ א נ י ע. איך האָב ניט געקענט ביי דיר אויספיהרען זאָלסט ניט פאָהרען, זי איז א גרעסערער מיוחס... נו, יא, איך זאָל האָבען א קינד, וואָלט עס אפשר געווען ביי מיר א סך בילכער פון דיר. (געגעצט). נו, וואס וועסטו איצט טון?...

ד אָ ק ט אָ ר. איך וועל א ביסעל בערוהיגען מיינע נער־ווען און וועל זיך זעצען ענדיגען מיין ארטיקעל.

פ א נ י ע. נערווען, ארטיקעל, שמארטיקעל! איך געה שלאָפען, למד־וואָווניק מיינער! (אַ קלאַפּ מיט׳ן טיר, אב).

ד אָ ק ט אָ ר. (דאקטאָר בעגלייט זי מיט אַ לאַנגען בליק). מיינע נערוועז הויבען אן אראָפּשפּרינגען פון די רעלסען... און איך האָב מורא, דאָס קינד, אויף איהרע נערווען ווירקען אויך ניט גוט די קליינע פאמיליען־סצענען... זי פיהרט אונז אלע ארוים פון גע־וועהנליכען טאָן. נו, יא, יעדער מענש האָט זיין אייגענע אינדיווי־דואליטעט, מע מוז זיך רעכענען דערמיט. מיט געוואלט קען מען א מענשען געוויס ניט איבערערציהען, נאָר מיט גוטען מיט גע־

דולד, מיט אן אויסגעהאלטענעם פּעדאגאָגישען סיסטעם... כע! כע! בעשערט אויף דער עלטער ווערען א פּעדאגאָג אויך... (זעצט זיך שרייבען. שטעהט אויף באַלד און געהט צום פּענסטער. פּויזע). ווי רוהיג איז די נאטור און ווי שטיל די נאכט... איך ווייס ניט פּארוואס מיר ווייזט זיך יעצט אויס, איך בין ווי היינע'ס דאפּפּעלגענגער: „שטיל איז די נאכט, עס רוהען די גאסען"... (מען הערט, ווי ווייט שלאָגט לאַנגזאַם דער שטאדט־זייגער צוועלף. ער פּערטראכט זיך). הא? וואס איז דאָס פּאר א געדאנק? מארק! ע! נארישקייטען, דומהייטען, אונזין! זי ווייסט ניט קיין חכמות און פערשטעהט ניט פון קיין אנדערע פערהעלטניסע צווי־שען מאן און פרוי. כע! כע!... דאס איז די לאָגיק פון דער ניט דענקענדער נאטור... די נאטור האָט פּיינט למד־וואָווניקעס... (זעצט זיך אונ שרייבט) „אלזאָ די אלע פּיזיאָלאָגישע פּראָצעסען" (פאַניע קומט אין אַ ווייסער קאפּטע און אַ ווייסער קליידעל).

פ א נ י ע. דו וועסט היינט געהן שלאָפען צו ניין? א גאנצע נאכט דארפען ברענען די לאָמפּען?... איך דארף זעהר נויטיג דיין שרייבעריי! (פערלעשט די לאמפּ, זיי בלייבען אין דער פינסטער).

ד אָ ק ט אָ ר. (כאַפּט איהר האַנד). וואס מיינסטו? דו... איך...

פ א נ י ע. נו, ביסט בייז געווארען? ביסט·א גרויסער העלד, איך... (ציטערט פון אויפרעגונג, בעהערשט זיך. לאזט אב איהר האַנד). פאניע, דאס איז זעהר ניט שען.

פאר וואס גיסטו מיר ניט א שלעפּ, מיינע ביינער זאָלען אָנהוי־בען קראכען? פאר וואס גיסטו ניט א טאָפּ מיט'ן פוס איך זאָל פערציטערט ווערען? פאר וואס גיסטו ניט א געשריי מיין בלוט זאָל אין מיר פערקילט ווערען? הא! ווייסט פאר וואס? ווייל דו ביסט אלט, ווייל דו האָסט מורא פאר מיר... אפילו אין דער פינסטער האָסטו מורא פאר מיר!

(דער דאקטאר האט דערווייל אנגעצונדען די לאָמפּ).

ד אָ ק ט אָ ר. יא, איך האָב מורא פאר דיר... איך האָב מורא

פאר דיר. אבער דו זעה בעסער, פאניע, זיי פארזיכטיג, איך קען אויך אין כעס ווערען און דאן... דאן דארף איך מורא האָבען פאר זיך. דו הערסט?...

פ א נ י ע. נו, פאר וואס ווערסטו ניט אין כעס? שטאַר־קער גבור מיינער!

ד אָ ק ט אָ ר. דו ביסט גערעכט, איך בין ניט קיין יונגער מאן מעהר... אין מיינע יאָהרען דארף מען זיך קענען בעהערשען. א שלעפ טון די ביינער זאָלען קראַכען, דאָס קען יעדער חאם, טאַ־פען מיט'ן פוס קען יעדעס פערד... בעהערשען זיך — דערויף דארף מען זיין מענש! (זעצט זיך צום טיש). אלזאָ וואו האלט איך? יא... (שרייבט קאלטבלוטיג).

פ א נ י ע. ביסט אזא בריה א מענש, ווי מיין טאטע...

ד אָ ק ט אָ ר. (שרייבט). און איך האָב מורא דו ביסט אזא בריה א מענש, ווי דיין מאמע. פאניע, דאס וואָלט געווען זעהר טרויריג.

פ א נ י ע. מיין טאטע איז כאָטש אין איינע יאָהרען מיט מיין מאמען, און דו ביסט צוויי מאָל, דריי מאָל אזוי אלט ווי איך (דער דאָקטאָר גיט אויף איהר אַ קוק רוהיג און שרייבט ווײ־טער). דו לאז מיך בעסער געהן אהיים צוריק... איך וויל געהן צו־ריק! (דער דאקטאָר גיט אויף איהר אַ קוק און שרייבט ווידער). האָסט געהערט מענשען! אדער קראַליקעס, אז ניט זיצט ער און טענטעלט א גאנצע נאכט מיט'ן פעדער... אבי עס איז דאָ טינט מיט פאפיר. (דער דאָקטאָר הערט אויף שרייבען און קוקט אויף איהר). פרעגט איהם בחרם, וואס שרייבט ער? ווער דארף דאס?... געבילדעטער חכם מיינער!

ד אָ ק ט אָ ר. (פיר זיך). אָי! איך הויב אָן פערשטעהן, ווי אזוי מען קען א מאָל קומען צו אזא געמיינהייט, ווי שלאָגען...

פ א נ י ע. (שרייט און וויינט). אז דו דארפסט מיך ניט, נאָך וואס האָסטו מיך גענומען?... נאָך וואס האסטו מיך גענו־מען?... איך פרעג דיך, נאָך וואס האסטו מיך גענומען?

ד אָ ק ט אָ ר. (קאלט). מארגען וועל איך אייך בעענטפערן אויף אייערע פראגען; היינט, מאדאם, געהט בעסער שלאָפען און בערוהיגט אייך.

פ א נ י ע. מאָרגען? א דאנק דעם טאטען דיינעם!... (דער דאקטאר צוקט מיט די אַקסלען און שווייגט). איך האָב געמיינט א דאָקטאָר, א גרויסער מענש, אריסטאָקראט, איך וועל פאר איהם מורא האָבען. דאָ פאר ווענען מורא צו האבען! ער וועט מיך נאָך א מאָל ברייננגען דערצו, אז איך זאל איהם שלאָגען אויף.

ד אָ ק ט אָ ר. (כאַפּט זיך אויף, צייגט מיט'ן האַנד אויפ'ן טיר, און שרייט אויס מיט אן אונגעוועהנליכער מאַכט). מאדאם, איך וויל איצט בלייבען אליין! איהר הערט? (גיט אַזאַ קלאַפּ איבער'ן טיש, אַז די לאָמפּ און אַלץ ציטערט). פּאָרט! ארויס פון דאנען!

(פאַניע דערשראָקען, געהט לאַנגזאַם און וויינענדיג אב).

פ א ר ה א נ ג.

# דריטער אקט.

דאסזעלבע צימער. אין דער ערשטער אבטיילונג זיצט דער דאקטאר מיט פייוועלען און לערנען. אין דער צווייטער אבטיילונג זיצט אָליע ביי דער פּיאַנא און שפּיעלט א גרינגען עטיוד, די מאַדאַם זיצט לע־בען איהר און צעהלט דעם טאַקט און קערט איבער די נאטען. עס איז טאָג, ענדע זומער. דער דאקטאָר טראגט א העלען קאָסטיום, זיין שפּאַ־ניאָלקע איז גראָער געוואָרען.

מ א ד א ם. אזוי, אזוי, ליאליע, פויל זיך ניט. איינס, צוויי, דריי! איינס, צוויי דריי! פארגעס ניט די פעדאל... איינס, צוויי, דריי. (אליע שפּיעלט).

ד א ק ט אָ ר. שטעל זיך פאר, פּומפּיאן, אויפ'ן עקזאמען פרעגט מען דיך, אויף וויפיעל טיילען צופאלט זיך די אנאטאָמיע?

פ י י ו ו ע ל. צופאלט זיך די אנאטאָמיע? זי צופאלט זיך אויף: אָסטעאָלאָגיע, סינדעסמעלאָגיע, ע...ע...מיאָלאָגיע, ע...אנגי־אָלאָגיע. און נאָך עפּיס א לאָגיע. פערגעסען... אין ביכעל איז דאָס דאָ.

ד אָ ק ט אָ ר. ע, ברודער, אין ביכעל איז שלעכט, עס דארף זיין אין קעפּעל. גיב איך וועל דיר אויפשרייבען א גאנצע רייהע פּראגען. (שרייבט). איך בין דיר מקנא, דו לערנסט און איך האָב די לעצטע צייט אויפגעהערט לערנען און שרייבען — בין געווארען פויל, ווי א פּשע ישראל. ברודער, דו וואָלסט האָבען א יונגע ווייבעל, וואלסטו אויך ניט געווען אזא פלייסיגער סטודענט. כע! כע!

אָ ל י ע. באבוסיע, איך בין מיעד... נא, שפּיעל דו א בי־סעלע, שפּיעל, ועסט פערגעסען שפּיעלען.

מ א ד א ם. דו, גנב, אז איך וועל שפּיעלען, ועסטו קע־נען? פאר וואס אז דו ביסט הונגעריג, זאָגסטו ניט: באבוסיע,

געה עסען פאר מיר? (זעצט זיך צו דער פיאנא, טראכט א ביסעל און שפיעלט ליסט'ס וואריאציעס אויף שובערט'ס סערענאדע).

ד אָ ק ט אָ ר. (הערט זיך צו). סס! פומפיאן. גיב א קוק אויף דער מאמען מיט אָליען... ביידע — צוויי אונשולדיגע קינ־דער. איך וויים נאר ניט, ווער פון זיי איז מעהר קינד. (הערט זיך צו. פאַניע קומט פון אַ אינערסטע טיר אויסגעפוצט. א הוט, האנד־שוהען, ציהרונג, טראגט א פענסנע).

ד אָ ק ט אָ ר. בעטראכט נאר אונזער דאקטאָרשע. דו, סאָל־דאט, סאלוטיר. וואָ פראָנט! (סאלוטירט). פאניע, וואוהין איז דאָס אין אזא פאראד?

פ א נ י ע. איך פאהר צו דער מאָדיסטקע, יעווגעני, און איך דארף א סך געלד. (נעמט פון זיין זשילעט עטליכע אסיגנאציעס).

ד אָ ק ט אָ ר. עס איז אנגענעהם, ווען אזעלכע הענטעלעך גראבלען ארוים דאס געלד פון דיין קעשעניע. פאניע, איך שעם זיך פאר פומפיאנען, איך וואלט דיר עפּיס געזאָגט...

פ א נ י ע. נאר דו שעמסט זיך. ווען וועסטו זיך שוין אויפ־הערען צו שעמען? מאמא, איהר גיט שוין ווידער קאָנצערט, ווען ליאליע'ס פיאנא־לעהרערין וועט דאָ זיין היינט, וויל איך איהר זאָלט איהר זאָגען, אז איך הויב אן זיך לערנען שפיעלען פיאנא. יא, איך וועל נעמען אוראָקען.

מ א ד א ם. אזוי? ווילסט ווערען א פיאניסטקע אויך? פון אָנפאנג קען איך דיך לערנען. איך וויל זיין דיין פּראָפעסאָרקע.

פ א נ י ע. ניין, איך וויל לערנען ביי אן אמת'ע לעהרערקע.

ד אָ ק ט אָ ר. דו, פאניע? האָסט דאָך פיינד דעם טאָפּטשאן. זאָגסט שטענדיג, דו פערשטעהסט ניט.

פ א נ י ע. נו, יא, און די גרויסארטיגע דאמען, וואס צימב־לען אויף דער פיאנא, פערשטעהן עפּיס?... עס איז א מאָדע, דאמען זאָלען שפיעלען, וויל איך אויך זיין א דאמע, ווי אלע. (עפענט די טיר אין קארידאָר). יעווגעני, זעהסט? איך האָב געהויי־

סען אין קאַרידאָר אוועקשטעלען א לאנגע הילצערנע באַנק. דיינע קבצנים מעגען וואַרטען דאָרט און ניט קריכען אהער מיט די בלאָטיגע שטיוועל.

ד אָ ק ט אָ ר. אין קאַרידאָר? פאַניע, ווינטער וועט זיין קאַלט דאָרט פאַר די קראַנקע...

פ א נ י ע. וועסטו זעהן ניט האַלטען זיי לאנג. פּומפּיאַן, איהר וועט הייסען די קראַנקע וואַרטען דאָרט. פערשטאַנען?

ד אָ ק ט אָ ר. פאַניע, דו געהסט מיט דיינע רעפאָרמען אַלץ ווייטער און ווייטער, הא? (ווינקט צו פּומפּיאַנען, ער זאָל זי ניט פאָלגען).

פ א נ י ע. דאס בלייבט שוין אזוי. פּומפּיאַן, געהט, נעמט מיר א פּאַיעטאָן.

פ י י ו ו ע ל. איא, איהר גלויבט ניט, אז דאס איז פאַניע זרחים? זי, מיט די ביינער. ווי איהר זעהט מיך א יודען. (אב).

פ א נ י ע. עס איז שוין צייט פון איהם אויך פּטור ווערען... אויך א מענש אין שטוב!

ד אָ ק ט אָ ר. ער וועט אויסשטודירען, וועט ער דאָ אַליין ניט זיין. ער ווייסט, דו האסט ניט קיין גרויסע סימפּאַטיען צו'ן איהם... שאַדע, ער איז מיין רעכטע האַנד. שש! ער געהט... אין זיין געגענוואַרט דאַרפסטו אזוי ניט רעדען. עס איז ניט פיין צו ערנידריגען א מענשען. (פּומפּיאַן קומט, נאָך איהם דער בוקיניסט מיט ביכער).

פ א נ י ע. נו, יא, מיט פּומפּיאַנען דאַרף איך זיך אויך צערעמאָניען. וואס איז, ווידער ביכער?

ד אָ ק ט אָ ר. געבראַכט עטוואס נייעס? עטוואס גוטעס, הא?

פ א נ י ע. איהר מעגט געהן, ר' יוד, דער דאָקטאָר האָט שוין גענוג ביכער, איבער גענוג...

ד אָ ק ט אָ ר. איהר פערשטעהט דאָך מסתמא, די יונגע

דאמע מאכט שפאס. לאָזט איבער די ביכער, איך וועל זיי שפּעטער איבערקוקען... יא!... אדיע, מיין פריינד, אדיע. (בוקיניסט אב).

פ י י ו ו ע ל. האָט א גוטען תמיד. (מען קלינגט). הערר דאָקטאָר, מען קלינגט, מען קלינגט און קיין קלינגערס איז ניטאָ. פערשטאנען? (געהט עפענען).

פ א נ י ע. וועניג ביכער האפּטו...

ד אָ ק ט אָ ר. פאניע, דיך ניט צו ערגערען מאך איך פיעל קאָמפּראָמיסען. צו פיעל... אבער...

פ א נ י ע. קאָמפּראָמיסען צו קאָמפּרעסען? איך וויים ניט וואס דו מיינסט.

ד אָ ק ט אָ ר. איך אָבער לײדער וויים, וואס פאר א געפעהר־ליכע זאך קאָמפּראָמיס איז און איך זאג דיר, אלץ מוז האָבען א גרעניץ. וואס אָנבעלאנגט מעדיצין, אדער ביכער דארפסטו זיך ניט מישען! איך וועל זיך ניט שטעלען מיט דיר האָבען א־דעספּוט אין דער געגענוואָרט פון פרעמדע מענשען, אָבער וויים, אז...

פ א נ י ע. (לעגט צו איהר האַנד צו זיין מויל, ער קושט איהר האנד). אז דו ביסט פּארט, ווי א שוואך קינד און מען דארף אויף דיר אכטונג געבען... אבער שא.. איך הער פּאציענטען געהן. (פומ־פּיאַן צוריק).

פ י י ו ו ע ל. מאדאם, אייערע זיינען געקומען. איך האָב זיי געהייסען זיצען אין קארידאָר אויפ'ן באנק...

פ א נ י ע. נו, זאָלען זיי זיצען. זיי מעגען אויך ווארטען דאָרטען. זאלען אייגענע בענייען די באנק.

ד אָ ק ט אָ ר. וואס רעדסטו דאס, פאניע? פוי! פּומפּיאָן, וואס איז דאס פאר וויצען? קומט אריין! קומט אריין!

(זרחי און שרה הינדע קומען. ביידע: גאָט העלף!).

פ י י ו ו ע ל. צוליעב די געסט בלייבט איהר דאָך מסתמא, און איהר פאהרט ניט?

פ א נ י ע. וואס הייסט איך פאָהר ניט? איך דארף נוי־טיג האָבען די געסט.

פ י י וו ע ל. הייסט עס, איהר פֿאָהרט יא? זאָל זיין יא. (אב).

ד א ק ט אָ ר. נו, ווי גערהט עס? זיצט... מוסיו זרחי, איהר זעהט ניט גוט אויס? (רעדען שטיל).

ש ר ה ה י נ ד ע. נו, פאניע, וואס מאכסטו? אה איך זעה, האָסט שוין נייע ציהרונג... שען! שען!

פ א נ י ע. יא, יעווגעני האָט מיר געקויפט נאָך א רינג און דעם בראש. (שטיל). ביסלעכווייז האב איך איהם אויסגע־לערענט. (לויט) וואס איז דאס פאר א צו־גאַסט אין מיטען דרי־נען! איך פאהר אוועק.

ז ר ח י. פאניע, מיר זיינען ניט געקומען צו דיר, צום דאָק־טאָר... איך בין קראנק. (הוסט. פּומפּיאן קומט).

פ י י וו ע ל. מאדאם, איך האָב גענומען א דראשקע.

פ א נ י ע. איך האָב אייך געזאָגט, איך וויל א פאיעטאָן, ניט קיין דראשקע!

פ י י וו ע ל. דוקא א פאיעטאָן? (גערהט). פאניע זרחים איז אנדערש ניט געוואוינט געווארען ביי איהר טאטען. (אב).

פ א נ י ע. ער טוט עס מיר אונמיסטען. דעם דאקטאָר'ס מענשען!

ש ר ה ה י נ ד ע. דאָקטאָר, איך האָב אייך געבראכט א חולה. הוסט און פּערכעט א גאנצע נאכט... מיך וואָלט ניט גע־הארט, א מצוה אויף איהם... מען קען אבער אן אויג ניט צו מאַ־כען איבער איהם. קען א ווארט ניט אויסרעדען, ער זאָל זיך ניט צוהוסטען, און נאר עס וואלט געזעצט. אויך מיר א מאנסביל!

ז ר ח י. אז איך בין ניט קיין מאנסביל, דאָס הייסט אז איך בין א יודענע, בין איך דאָך פון אייערע, דארפסט מיט מיר גוט פריינד זיין און לאָזען מיך רעדען א סך... אוי, דאָקטאָר, עס שטיקט מיך... די מלמדות שטיקט מיך... 25 יאָהר אבגעקנעלט... (הוסט).

ד אָ ק ט אָ ר. מיר ווע‫ל‬ען באלד זעהן, מיר וועלען אייך גוט אויסהערען און אונטערזוכען...

(פּומפּיאן קומט).

פ י י ו ו ע ל. א פּאיעטאָן!

פ א נ י ע. נו, איך פאהר... יעווגעני, פארגעס ניט האָסט וויזיטען. מיט די געסט דארפסט זיך ניט צערעמאָניען.

מ א ד א ם. פאניע, מיינסטו ניט, אז דיין שליאפּע איז מיט צו פיעל שיק?

פ א נ י ע. איהר ווילט, איך זאל אויסזעהן, ווי אן א ל ט ע דאקטאָרשע? דאס ניט!

מ א ד א ם. פאהרסט האנדלען. יונגע דאקטארשע, פאָלג מיך און קויף ניט אזעלכע זאכען, וואס ווארפען זיך אין אויג.

פ א נ י ע. פערלאָזט זיך שוין אויף מיר.

ד אָ ק ט אָ ר. א דאגה דיר, מאמא, זאל איהר ווילען זיין פריי. ביסלעכווייז וועט איהר געשמאק פערעדעלט ווערען, דאן וועט אויך איהר ווילען אן אנדער ריכטונג נעהמען...

פ א נ י ע. אדיע! מוסיו און מאדאם זרחי, אדיע. (אב).

פ י י ו ו ע ל. א גוטען תמיד.

ש ר ה ה י נ ד ע. מיר זיינען געקומען איין מאָל אין א יובל, געהט זי אוועק.

ד אָ ק ט אָ ר. איהר דארפט איהר פערצייהען... א יונגע דאמע, דארף איינקויפען נויטיגע זאכען. ביי איהר איז דאס וויכטיג.

ז ר ח י. נו, אז דיר געפעלט ניט, רוף זי צו'ן א ווייבער־שען דין תורה. איהר האָט דאך געהערט מסתמא פון דעם ווייבער־שען די תורה? א וואוילע זאך. (לאכט).

ד א ק ט אָ ר. ניין! ניין! איהר לאכט און איהר הוסט פון אייערע וואוילע זאכען. נאָך וואס דארפט איהר דאס?

ש ר ה ה י נ ד ע. ער קוועלט ווי א באקסער פון זיינע אייגענע חכמות. אויך מיר א מאנסביל!...

א ל י ע. פאפּאָטשקע מיר ווילט זיך אזוי לאכען... כי! כי!

**כי!** טאנטע! לאָזט, לאָזט דעם אָנקעל דערצעהלען **געשיכטען. איך** האָב שוין לאנג ניט געלאכט, אָבער, אָנקעל, — **דערצעהלט, אז** איך זאָל פערשטעהן. איך זאל לאכען, ניט איהר.

ז ר ח י. אליעטשקע, איך וועל ניט לאכען, **וועסט זעהן...**

מ א ד א ם. דערמיט פיהרט איהר איבער **די געשיכטע,** וואס איהר לאכט אליין... אנדערע דארפען לאכען, **ווי מיין אלינקע זאָגט,** און איהר קוועלט אליין פון זיך.

ז ר ח י. איך וועל זיך איינהאלטען. (הוסט). **צוויי ווייבער** זיינען געקומען צום רב מיט א דין תורה. רבי, **זאָגט איינע, זי** האָט ביי מיר געליהען א שפּאָגעל נייע סקאוואראדע **און האָט זי** מיר אומגעקערט א צובראָכענע און א צובויגענע. **ענטפערט די** צווייטע: רבי, איך האָב ביי איהר קיין מאָל אין מיין לעבען ניט גענומען קיין סקאוואראדע. זאָלט איהר אליין אזוי לעבען און געזונד זיין, ווי איך האָב ביי איהר א מאָל אין מיין לעבען געליהען א סקאוואראדע. און א חוץ דעם, אלע שכנות ווייסען, אז די סקאוואראדע, וואס זי האָט מיר געגעבען, איז געווען אן אל־טע און א צובראָכענע. און ווידער, פון וואנען ווייסט זי, **אז די** סקאוורעדע איז צובראָכען און צובויגען? איך האָב זי נאָך ניט אבגעבראכט צוריק. זי איז נאָך ביי מיר. **כא! כא! א ווייבערשער** דין תורה. (לאכט און הוסט).

מ א ד א ם. וואס ער טראכט אוים אויף **די ארעמע ווייבער.** (אלע לאַכען, בעזאָנדערס אַליע).

ד אָ ק ט אָ ר. מאמא, דו זעה בעסער, ווי **ליאלע לאכט...** כא! כא! מיין טייערע, זיסער נארעלע, וואס **געפעלט עס דיר** אזוי? (קושט זי). אה, ר' זרחי, איהר הוסט **א סך ערגער ווי פריהער...**

ש ר ה ה י נ ד ע. אויף הוסטען — **דערויף איז ער אן** אייזערנער בריה. וואס דען, עפּיס א רעכטע זאך **וועט ער קענען.** **אסור... אזוי ווי איהר זעהט,** טאָג ווי נאכט. **פּח פּח פּח...**

ד א ק ט א ר. (שרייט. פומפיאן). הערר פאציענט, באלד אהער... די דאמען וועלען אונז ענטשולדיגען. (אלע פרויען מיט אליען אב. ער פערציהט די פארטיערען).

ד א ק ט א ר. די בעקעשע אראפ... דעם זשילעט אראפ. (טוט איהם אויס). אה! א לייבסערדאק? קיין מאל ניט בעמערקט.

ז ר ח י. וואס-זשע, איך האב זיך געדארפט בעריהמען דער־מיט? עס איז יא, ווי מען דערצעהלט, צוויי ווייבער האבען זיך בעגעגענט אין מארק, זאגט איינע: חיה העני, דו בעריהמסט זיך גאר ניט, וואס דו האסט... (הוסט).

ד א ק ט א ר. באסטא! קיינע געשיכטעס! סילענטום! (קלאפט אין ברוסט און הערט זיך צו). דו הערסט ברודער פומפיאן? (פומפיאן הערט זיך צו). נו, קערט זיך אום. קאלעגא. וואס זאגט איהר, הא? (פומפיאן הערט זיך צו).

פ י י ו ו ע ל. עמפיזימא פאלמענאלים דעקסטרא.

ז ר ח י. דאקטאר, איך וויל אייך פרעגען וועגען אנ׳אנדער חולאת. אבער ער דארף ניט הערען.

ד א ק ט א ר. קאלעגא פראפעסאר, טראג זיך אב... דו דארפסט ניט הערען.

פ ו מ פ י א ן. א גוטען תמיד. יא, עמפיזימא פאלמענאלים. (א ב צ ו ד י פ ר ו י ע ן).

ד א ק ט א ר. וואס איז, מיין פריינד, איהר האט א סעק־רעטנע קרענק?

ז ר ח י. יא, עס איז א חולאת, אבער ניט קיין סעקרעטנע... (ק ו ק ט ז י ך א ו ם). מיין חולאת איז, פשוט גערעדט, מיין פלונית׳טע. איך וויים די חולאת... א גאנץ לעבען ליידען און דולדען... איך האב געוואלט מיט אייך אליין בלייבען, ווייל איך וויל פרעגען... הערר דאקטאר, איך וויים, מיין טאכטער האט געלערענט פון דער מאמע׳ס סידור... און אז איך דערמאן זיך, אז ביי אייך איז, חלילה, אזוי ווי ביי אונז. אי, וועה איז מיר...

ד א ק ט א ר. א, זייט רוהיג. געווים, מיר האָבען געהאט מאנכע סצענען. מען האָט עס געדארפט ערווארטען. די פערשיידענהייט אין יאָהרען, די פערשיידענהייט אין געדאנקען. אָבער מיט יעדען טאָג ווערט די פערשיידענהייט קלענער... זי ווערט פריינדליכער, פיהלט זיך היימישער, לעזט ביסעלע, ענטוויקעלט זיך א ביסעלע. יא, עס קען זיין ניט אלץ, וואָס איהר געפעלט, געפעלט מיר... אָבער איך זעה, איהר ווילען זאָל זיין גאנץ פריי. איהר ענטוויקלונג וועט קומען מיט דער צייט. זי האָט קאפריזען, ווי יעדע יונגע פרוי, דאָס איז אָבער ניט וויכטיג. איהר כאראקטער איז אביסעל פערדאָרבען, אָבער איך וויים, ער בעשטעהט פון גוטען מאטעריאל... איך בין א מבין...

ז ר ח י. הלואי, רבונו של עולם. און איך האָב שוין גע־מיינט, אז ביי אייך איז אזוי ווי ביי אונז...

ד אָ ק ט אָ ר. איך וויים ניט, ווי ביי אייך איז גוועזן... זייט איהר געווען פערליעבט, הא? אלטער, איך בין אביסעל צופיעל פערליעבט. (א ו מ א ר מ ט א י ה ם). מיין פריינד, איך האָף, איך וועל מיט אייער חולאת ניט קרענקען. כא! כא! כא! א ביטערער חולאת. הא? הערט, איך וועל אריינפאָהרען צו'ן אייך אפשר היינט נאָך און וועל אייך געבען א גאנצע סיסטעם, ווי צו קורירען און ווי צו פיהרען זיך... מען דארף אייך גוט נעמען אין די הענד, איהר אויסגעקנעלטער סוביעקט, וואָס איהר זייט. איצט אָבער מוז איך געהן. איך האָב זעהר א שווערען קראנקען אויף די הענד. אן ארעמאן האלט ביי'ם שטארבען פ ו ן ג ע־ פ ל ע ק ט ע ן ט י פ ו ס און לאָזט איבער א פולע שטוב מיט יתומים. שלים־מזל, וואוהין קריכסטו? צום קבצן. (ע פ ע נ ט ד י פ אָ ר ט י ר ע ן). שוויגער האָט קיין פאראיבעל, איך מוז פאָהרען. (זרחי טוט אן אויף זיך זיין סיורטוק). מאמא, אויפ'ם ווידערזעהען. (ק ו ש ט ז י). ליאָלע (קרימט זי איבער). עס איז א געשיכטע? כי! כי! ברודער פומפיאן, קוק אריין אין דער קניגע, אז ניט וועסטו זעהן א פיגע... (חאפט זיין סאקוואיאזש, ראש אב).

ש ר ה  ה י נ ד ע. נו, וואָס האָט דיר דער דאָקטאָר געזאָגט, טשערעפּאכע דו?

ז ר ח י. איהר הערט? טשערעפּאכע גאָר. שרה הינדע, דער דאָקטאָר זאָגט, דו דארפסט זעהן למע"ה, איך זאָל האָבען וואס מעהר תענוג און וואָס ווייניגער קללות.

מ א ד א ם. זעהר א ביליגע רפואה און דערצו אַן אייגענער אפּטייקער. (צייגט אויף שרה הינדען. אַליע נעהמט איהרע ביכער. לעגט אוועק אויפ׳ן טיש. נעהמט טינט פעדער).

ש ר ה  ה י נ ד ע. וועסט שוין האָבען תענוג... קום אהיים. נו! נו! די טאָכטער אפילו ניט געזעהען ווי מען דארף. א שעהנע טאָכטער ביי דיר, פער׳שרפ׳עט זאָלסטו ווערען...

ז ר ח י. איך בין שולדיג?... דאָס איז יא, ווי מען דערצעהלט... צוויי ווייבער... (ה ו ס ט).

אַ ל י ע. אָי, באבוסיע, א געשיכטע! (אלע לאַכען).

ז ר ח י. דו זאָגסט מיר, שרה הינדע, אקוראט ווי איין יודענע זאָגט צו דער אנדערער, וועלכע איז געווען א בעזדיטיכע: דיין טאָכטער איז פון די דאָזיגע, פון די גוטע... וואָס ע...

ש ר ה  ה י נ ד ע. גענוג נו! וואָס איז דער משל, פּרא אדם? אז איך בין א בעזדיטיכע, אָדער אז דיין טאָכטער איז א גוטע? זאָלסט פערשטעהן, וואָס דו רעדסט, וואָלסט זיך טאקי בעגראָבען... האָט א גוטען טאָג, מחותנת׳טע... די דאקטארשע שמעקט ניט אריין צו אונז. עס שטעהט ניט אַן דעם טאטען איהרען... קום! טשערעפּאכע.

ז ר ח י. יא! געווען ביי׳ם דאָקטאָר און מוז אהיים געהן מיט מיין אלטע קריינק. (צייגט אויף זיין פרוי). א גוטען טאָג (ביידע אב).

פ י י ו ו ע ל. האָט א גוטען תמיד... שעהנע זאכען קען זיך ליאליע אויסלערנען פון דער משפחה...

מ א ד א ם. פּייוועל, דו לערן פריער דיין אנאטאָמיע, נאכ־

דעם וועסטו רעדען פון סאָציאלאָגיע. משפחה... כע! כע! דאָס איז סאָציאָלאָגיע... פערשטאנען?

פ י י וו ע ל. דאָס איז דאָך דאָס אומגליק, וואָס איהר מיט'ן דאָקטאָר קוקט אריין אין דער סאָציאלאָגיע מיט דער סווינטעס־מעלאָגיע, און וואָס אונטער'ן נאָז טוט זיך, זעהט איהר ניט. פער־שטאנען? (אב מיט זיין בוך).

מ א ד א ם. סווינטעסמעלאָגיע? א נייע וויסענשאפט און זעהר א בעליעבטע אין אונזערע צייטען. אליע, מיר דאכט זיך, דו קאָנסט ניט דיינע אוראָקען? חיוטין וועט באלד קומען, וועט זיין טאקע, ווי פייוועל זאָגט, א זעהר מיאוסע סווינטעסמאלאגיע.

א ל י ע. באבוסיע, פאר וואָס איז מוסיו חיוטין ניט ווי פריהער? אבגעלערענט און באלד אוועק, ווי א פרעמדער. (מען קלינגט, פומפיאן לויפט צוריק עפענען).

מ א ד א ם. ווער איז דאָס? די לעצטע צייט, ווען א פא־ציענט קומט שוין יא אמאָל, איז פונקט ווען יעווגעני איז ניטאָ אין דערהיים. אליע, מיר בלייבען אָהן פראקטיקע.

אָ ל י ע . (ביים פענסטער). עס איז פאניע! אוי, איך וויל אזוי זעהן, וואָס האָט זי איינגעקויפט. (פאניע קומט מיט פיעל פעק־לעך. נאָך איהר פומפיאן).

פ י י וו ע ל. (שטיל. שלעפט קלומקעס). פונקט ווי ביי איהר טאטען אין וויין־הויז. פאניע זרחים! (בייז אָב צוריק צו זיך).

מ א ד א ם. פאניע, זעה, ווי דיינע בעקלעך האָבען זיך צו־פלאמט. (קנייפט זי פאר'ן באק). ניט אומזיסט, איז מיין יעווגעני אזוי פערליעבט אין דיר, — דו בליהסט.

פ א נ י ע. וואָס פעהלט מיר? האָב וואָס צו עסען, האָב וואָס אָנצוטאָהן, — פונקט ווי אלע דאמען...

מ א ד א ם. אבי דיר פעהלט גאָר ניט... אָליע, קום, דו געהסט?

א ל י ע. ניין, באבוסיע, איך בלייב דאָ מיט פאניען.

פ א נ י ע. מאמא, איהר ווילט גאָר ניט זעהן, וואָס איך האָב איינגעהאַנדעלט?

מ א ד א ם. וואָס פערשטעהט אַן אַלטע יודענע? אז דיר געפעלט, ביסטו צופריעדען... און אז דו ביסט צופריעדען, געפעלט עס מיר... (זי פערציהט די פּאַרטיערען. אב).

פ א נ י ע. (בינדט אויף א פּעקעל). זעהסט, אליע, דאָס וועט זיין מיין „דעלי" סעזאָנע קלייד.

אָ ל י ע. ווי? פאניע, ניט דעלי, דעמי סעזאָן דאַרף מען זאָגען.

פ א נ י ע. דעמי סעזאָן? איך וועל געדענקען (חזר'ט). דעמי, דעמי סעזאָן. (ענטציקט). זעהסט, דאָ דער ליעף וועט זיין בע־פּוצט מיט קרוזשעוועס. די ארבעל מיט אויפגעבלאָזענע בופס, דאָ וועלען געהן שנורען מיט לענטעס איבער דער גאַנצער קיראַסע, פון דאַנען וועלען געהן ביע ביז אראָפּ און אונטען אובאַרקעס...

א ל י ע. איך מיין, דאָס וועט זיין שעהן. פאניע מאך בעסער דער ליעף זאָל זיך פערשפּיליען פון א זייט... אָט אזוי...

פ א נ י ע. אָבער איאָ, עס וועט זיין שעהן? עס וועט מיר פּאַסען הא? טייערע! (כאַפּט אַליען און טאַנצט א וואַלצער, זינגענ־דיג פרייליך: טעם טרא טעם, טעם טרא טעם...). אַליע ווילסט א קאָנפעטקע? (נעהמט פון איהר קעשעניע א קליינע שאַכטעל). איך קען זיך ניט אויסלערנען, דאָס איז מאָנפּאַסיע צו באָנפּאַסיע?

אָ ל י ע. דאָס האָסטו געקויפט זעהר א גוטען סאָרט, עס רופט זיך באָנפּאַסיע...

פ א נ י ע. (חזר'ט). דאָס רופט זיך באָנפּאַסיע, באנפּאַסיע. איך האָב דאָס ניט געקויפט. א נויטיגע זאך! דאָס האָט מארק גע־קויפט.

א ל י ע. אנקעל מארק? דאַרף איך ניט! (וואַרפט די קאָנ־פעקטען צוריק אין שאַכטעל).

פ א נ י ע. אָבער דאָס קלייד וועט זיין גרויסאַרטיג, הא?

מארק זאָגט, ער האָט פּונקט אזא קליידּ געזעהן ביי דער דירעק־טאָר׳שע פון באנק.

אַ ל י ע. פאניע, איך בין שוין ווידער ברוגז אויף דיר. דו דארפסט ניט הערען, וואָס אנקעל מארק זאָגט, נאָר וואָס דער פּאפּא זאָגט.

פ א נ י ע. וואָס מיינסטו?

אַ ל י ע. א, דו ווייסט, דו ווייסט, וואס איך מיין. און אז דו זאָגסט, דו ווייסט ניט, זאָגסטו א ליגען (בייז אב).

פ א נ י ע. וואָס מיינט זי דאָס? וויים איך, וואָס ארט מיך? (נעמט ווידער דעם טוך און מעסט). אָה, ווי שעהן עס וועט זיין! איך וויים, עס וועט מיר זעהר פּאסען. (מארק גנב׳ט זיך שטיל פון זיין צימער).

מ א ר ק. (אומארמט זי פלוצלינג). אהא! דו ביסט דאָ? איך בין אויך דאָ!

פ א נ י ע. (ד ע ר ש ר אָ ק ע ן). טפו! האָסטו געהערט א חכמה!

מ א ר ק. שש! שריי ניט. וועסט שוין א מאָל שכל האָבען צו גיין? ווען וועל איך דיך שוין אויסלערנען?

פ א נ י ע. יא דו לערנסט מיך! זאָג בעסער ווי קומסטו בייטאָג פּלוצלינג אהיים?

מ א ר ק. איך געה פון קאזנאטשעיסטווע און טראכט: אפשר ביסטו אליין? און האָב געטראָפען.

פ א נ י ע. האָסט ניט געקלונגען. דו ווייסט גוט די גנב׳ישע שטיק. ביסט א שטודירטער אויף די זאכען.

מ א ר ק. פאניע, ביסטו היינט פּיקאנט!

פ א נ י ע. טאקי?

מ א ר ק. מען קען א כפּרה איינגעמען.

פ א נ י ע. נו. נעהם איין. (די פּארטיערען צונעמען זיך אַ בי־סעלע. מען זעהט, ווי אַליע שטעהט אויף דר׳ערד אויף די קניע און קוקט אריין).

מ א ר ק. איך פערשטעה, פאר וואָס דער אלטער נאר איז אזוי פערליעבט...

פ א נ י ע. דער אלטער נאר האָט מעהר שכל פון דיר, פון מיר, פון אונז אלע.

מ א ר ק. נעהמסט זיך פון דעסטוועגען אָן פאר דיין אל־טעטשקען... פאניע, קום אהער צו מיר.

פ א נ י ע. אוי, לאָז מיך צו רוה!...

מ א ר ק. ביי אונז אין באנק זאָגען אלע, דו ביסט די שעהנסטע פרוי אין שטאדט.

פ א נ י ע. טאקי? דאָס געפעלט מיר! זאָגסטו דאָס אונ־מיסטען? טאקי די שעהנסטע?

מ א ר ק. ניין, איך זאָג ניט אונמיסטען. איך הויב זיך טאקי אן פערליעבען אין דיר אויף צו'ן אמת.

פ א נ י ע. פארוואָס האָסטו זיך אין מיר ניט פערליעבט, ווען איך בין געווען א מיידעל? דיר איז דאמאלס ניט אָנגע־שטאנען, אריסטאָקראט מיינער. איצט ארט דיך ניט.

מ א ר ק . נו, וואָס ארט דיך, נאר? מען האָט דיך ליעב?

פ א נ י ע. נו, יא! עס איז אָבער דאָ אימיצער, וועמען עס ארט. (אָליע פאלט צו צום פאָל און וויינט).

אָ ל י ע. (ווהיספּרענד). מיין פאפאטשקע!! מיין פא־פאטשקע...

מ א ר ק. איהם מיינסטו? איהם ארט ניט, זעהסט דאָך... ער איז אן אידעאליסט. ביי זיי איז דאָס גאר ניט. זיי אנערקענען ניט מיינס... דיינס... קאָמוניסטען!...

פ א נ י ע. טאקי? גוט, דו זאָגסט א ליגען.

מ א ר ק. ביי זיי איז דאָס גאר ניט. שש... פאניע, קום אהער צו מיר.

פ א נ י ע. אוי, לאָז מיך צו רוה.

מ א ר ק. פאניע, ווילסט וויסען, ווי דו געפעלסט? קום

אהער, וועל איך דיר דערצעהלען, וואָס האָט וועגען דיר געזאָגט דער וויצע־דירעקטאר פון אונזער באנק.

פ א נ י ע. טאקי? (געהט צו'ן איהם). וואָס האָט ער געזאָגט? (ער זעצט זי אַנידער אויף זיינע קניע און קושט זי לויטעג־שאפטליך). אוי, לאָז מיך! זאָל זיין גענוג! וואָס טוסטו? (מען קלינגט). לאָז מיך! (ער לאָזט זי ניט). משוגע'נער, מען געהט! (זי רייסט זיך ארויס, פומפיאַן קומט, זי איז אַ פערלעגענהייט). ע... ע... פומפיאן, מען קלינגט...

פ י י ו ו ע ל. יא, מאדאם, מען קלינגט. (שטעהט און בע־טראַכט זיי ביידען). מען קלינגט אין אלע גלאָקען.

פ א נ י ע. (צונעמט די פארטיערען און בעמערקט אליען אויף דר'ערד). זעה נאָר, אליע!... וואָס איז, אָליע? וואָס טוסטו דאָ? (וויל זי אויפהויבען).

א ל י ע. (וויינט). אוועק פון מיר!... רעד ניט צו מיר!... דארפסט זיך ניט אָנריהרען צו מיר! אוועק, דו! אוועק! (לויפט אב. מען קלינגט ווידער).

פ י י ו ו ע ל. (אפארט). אי, וועה! עס האלט שוין זעהר וויט. פערשטאנען? (געהט עפענען).

פ א נ י ע. איך האָב מורא, דאָס קינד האָט געזעהן. אי, פער'שרפ'עט זאָלסטו ווערען!

מ א ר ק. נו, איז וואָס? א ביסעל שפאס געמאכט. פאניע, איך וועל ווארטען ביי זיך אין צימער, עס קען זיין, עס איז ניט ער. ברענג דיינע האָר אין אָרדענונג און האלט זיך ווי א ווירדיגע, אנשטענדיגע דאמע. דער עיקר איז נאָר אין האלטען זיך (אב צו זיך).

פ א נ י ע. אלע זאָגען, איך האלט זיך שוין ווי א ריכטיגע דאמע. אז מען האָט שכל, איז ניט שווער אויסצולערנען זיך זייער גאנצע תורה. און איך האָב געמיינט, איך וועל זיך אייביג ניט אויסלערנען צו זיין א דאמע. (חיוטין און פייוועל קומען. זי מאכט אַ גרימאַסע, נעהמט איהרע פעקלעך, פערציהט די פארטיערען. אב).

ח י ו ט י ן. (ווישט די ברילען). הם, די דאקטארשע אייערע ווערט מיט יעדען טאָג גרויסארטיגער. פּומפּיאן, וואָס איז אייך? איהר זעהט אוים, ווי איהר זאָלט ליידען פון בויכוועהטאָג. וואו איז אָליע?

פ י י ו ו ע ל. דעם בויכוועהטאָג בין איך אייך מוחל. נאָה זאָגען וואָס דארף איך אייך...

ח י ו ט י ן. וואָס איז דאָס, אמיקום מעדיקום?

פ י י ו ו ע ל. איהר ווייסט, אז איך האָב אייך פיינט... דאָס איז ניט קיין סוד.

ח י ו ט י ן. פיינט! דאָס הייסט ניט פיינט... איהר זייט ניט שטערבליך פערליעבט אין מיר.

פ י י ו ו ע ל. יא, אָבער ער האלט פון אייך. איך ווייס ניט, וואָס האָט ער אין אייך דאָרטען דערזעהען.

ח י ו ט י ן. פייוועל פּומפּיאן, אויך איהר האָט וואָס צו זאָגען, רעדט עברי. דער וואָס רעדט א סך איז א סימן: ער האָט ניט וואָס צו זאָגען.

פ י י ו ו ע ל. יא, איך האָב וואָס צו זאָגען. איך האָב גע־פּרובט זאָגען דער אַלטער — איז רעד צו דער וואנד. און איהם זאָגען האָב איך מורא. פערשטאנען? (צונעמט די פּארטיערען און קוקט זיך אום).

ח י ו ט י ן. דערווייל'ע האָב איך גאָר ניט פערשטאנען. רעדט ניט צו דער וואנד, רעדט צו מיר...

פ י י ו ו ע ל. איהר זייט א פערשייטער קבצן און איהר קענט יעדע זאך טון.

ח י ו ט י ן. איהר האָט א טעות... דאָס הייסט, א פערשיי־טער קבצן בין איך, אָבער יעדע זאך טון קען איך ניט. וואָס איז דאָס פאר אן אפּעראציע?

פ י י ו ו ע ל. דער בוכהאלטער, אונזער ברודער, מוסיו מארק און פאניע זרחים. פערשטאנען? עס איז א שאנדע און א ווייטאָג אין הארצען, אזא מענשען מאכען צום נארען. אין

שטאָדט לאַכט מען פון איהם. דאָקטאר קאפּילקין האָט מיך אין אַפּטייק פאר אַלע פּראָוויזארס געפרעגט: ווער פון די צוויי ברידער? פערשטאנען? און האָבען געלאכט און חוזק געמאכט. פשוט מען מיינט, דער דאָקטאר ווייסט און מאכט זיך ניט ווי־סענדיג.

ח י ו ט י ן. הא? מען האָט עטליכע מאָל אין מיין געגענ־ווארט געפּרובט רעדען דערפון, האָב איך געהייסען שווייגען. איך וויים, זי איז א בהמה, א נידריגער כאראקטער, אָבער...

פ י י ו ו ע ל. ער איז בלינד, ער זעהט ניט. איך זעה, זאָגאר ליאַלע... ליאַלע זעהט.

ח י ו ט י ן. וואָס? דאָס קינד?... דאָס אונשולדיג קינד?

פ י י ו ו ע ל. זי איז ערשט געלעגען דאָרט אויף דר׳ערד לעבען די פּאָרטיערען און ביטער געוויינט, ווייל זי האָט געזעהען, וואָס זיי ביידע האָבען פון דער זייט... פערשטאנען? ניט אנ־דערש, ער ווייסט און איהם פּאסט ניט אריינצומישען זיך. (מען קלינגט). אָי, שא! דער דאָקטאָר. (לויפט עפּענען).

ח י ו ט י ן. אַזוי? ער ווייסט און מאכט א שווייג?... אזוי ווייט זאָל עס געהן? און מיט דיזער פערפּעסטעטער לופט אטעמט דאָ דאָס קינד! איך בין ניט קיין סענטימענטאַלער מענש. און איך מיין, ווי ביטער און גרויזאם דער אמת זאָל ניט זיין, איז א ליגען אָבער שטענדיג נאָך ביטערער און גרויזאמער... (דאָקטאר קומט, ער איז זעהר טרויריג, נאָך איהם פּייוועל).

ד א ק ט א ר. יא, ברודער פּומפּיאן, עס איז געווען א צו שווערער טיפּוס און נאָך א געפלעקטער... מיין פּאציענט איז גע־שטאָרבען... איך האָב עס ערווארטעט, און עס פערדריסט דאָך... אזוי פיעל יאָהרען האָב איך צו טון מיט׳ן טויט און שטענדיג ברענגט מיך דיזע שרעקליכע מיסטעריע אין פערצווייפלונג. א געהיימניספאלע, ערדריקענדע ערשיינונג! (פערטראַכט זיך). יעצט ליגען דאָרט צוויי קינדער אין טיף און דאָס גאנצע הויז איז אנ־געשטעקט. חיוטין, איך גיב אייך ניט די האנד, ווייל איך בין אין

גאנצען פערפעסטעט. וואס זעהט איהר אויס אזוי זויער, ביי אייך איז אויך א פאציענט געשטארבען? פומפיאן, איך מוז זיך שוין אי־בערטון. (פומפיאן גיט איהם אנדערע קליידער).

ח י ו ט י ן. דאקטאר, איהר זאלט ניט זיין פערפעסטעט, ווייס איך אויך ניט, צו איך וואלט גענומען אייער האנד. יא איהר האט רעכט, ביי מיר איז היינט געשטארבען ניט א פאציענט, נאר א מענש איז געשטארבען...

ד א ק ט א ר. חיוטין, ווידער משוגעת'ן? ניט יעצט, איך בין אליין ניט אין אן איבריג גוטער שטימונג.

ח י ו ט י ן. וואס זיינען שטימונגען? א'ן עהרליכער מענש דארף האבען פרינציפען.

ד א ק ט א ר. חיוטין, לאזט מיך היינט צו רוה מיט אייער קינדישער מאראל.

ח י ו ט י ן. דאקטאר, איהר קענט אייך ניט אוועקמאכען מיט פראזען! איהר זייט געוועזן א פאפולערער, בעליעבטער מענש, אן אנערקענטער פאלקס־פריינד, — און יעצט לאכט מען און מען פעראכטעט אייך. מען וועט גיך אין גאס טייטלען אויף אייך מיט די פינגער. איהר זייט אמאל געוועזן א מענש מיט אידעען. וואו זיינען אייערע אידעען יעצט?

ד א ק ט א ר. (פריינדליך). זייט ניט קיין נאר, חיוטין! מיינע אידעען טראג איך אין מיין מארך, אין דעם בלוט פון מיינע אדערן. מיינע פרינציפען זיינען הייליג! צו פרינציפען מוז מען אבער נאך פיהלען און דענקען ווי א מענש. א פרינציפ איז א טויטע זאך און דער געדאנק פון א מענשען לעבט. יא, איך ערלויב זיך אמאל א קאמפראמיס, ווייל איך וויל ניט סקנדאלען אין הויז, ווייל איך וויל ניט פערגיפטען דאס לעבען פון א יונגע אונ־ענטוויקעלטע פרוי; זי וועט זיך ענדערן מיט דער צייט.

ח י ו ט י ן. זי וועט זיך ניט ענדערן, איהר האט זיך גע־ענדערט!... דאס איז די היינטיגע פאמיליע, געראדע ווי די גאנצע געזעלשאפט. זיי דעמאראליזירען די פערזענליכקייט. נעמט

מען א ווייב, קען מען שוין ניט זיין נוצליך פאר אנדערע... אוים פרייהייט, און טעטיגקייט, אוים אידעאלען. מען זארגט נאר פאר'ן עגאאיסטישען טרעמבוך, פאר'ן חזיר'שען „איך". אמאל פלעגט מען פאר א גוטען צוועק קענען קריגען ביי אייך הילפע, און זינד איהר האט חתונה געהאט...

ד א ק ט א ר. ברודער, מיינע פינאנסען זיינען ניט אין א גלענצענדען צושטאנד. די פראקטיקע איז מאגער און די אויס־גאבען — אי, אי! כאפט אייך דער רוח, אייך מעג איך זאגען: איך בין קיין מאל קיין גראשען ניט געווען שולדיג און איצט בין איך שולדיג אין מאגאזינען און צו פערשיעדענע קרעדיטארען איבער 12 הונדערט רובעל. ביסלעכווייז אזוי... אריינגעקראכען...

ח י ו ט י ן. דאס רעקאמענדירט אייך זעהר שען! נאר דאס איז נאך גארניט. איהר דעמאראליזירט, איהר פערדארבט אייער אייגען קינד... הא! איהר זייט אזוי צופריעדען פון אייער בעס־טיאלער זאאלאגישער פריידע, אז איהר דולדעט דא אין הויז יעדע געמיינהייט, און אייך ארט ניט, וואס אייער אונשולדיג קינד...

ד א ק ט א ר. (צארניג). וואס מיינט איהר? איהר! וואס ווילט איהר זאגען?

ח י ו ט י ן. איך וויל זאגען, אייער קינד איז ערשט גע־לעגען דא ביי די פארטיערען און האט געוויינט. איהר יונגעס הארץ ווערט דא צובראכען, איהרע ריינע געדאנקען פערגיפטעט, איהרע הייליגע געפיהלען פערשמוצט! און איהר, אלטער פער־ליעבטער סאטיר, איהר קוקט און שווייגט! פוי! איך וויל ניט האבען וואס צו טון מיט אזא הויז און מיט אזעלכע מענשען! (ראש אב).

ד א ק ט א ר. פומפיאן, וואס האט ער געפלאפעלט? ער איז פון זינען אראב!...

פ י י ו ו ע ל. ביי איהם איז דאס א נייעס, און איך האב פריהער געוואוסט, אז פאניע זרחים...

ד א ק ט א ר. פומפיאן, פאניע זרחים איז מאדאם גאל־דענווייזער. פערגעס דאָס ניט!

פ י י ו ו ע ל. יא, דאקטאר, אָבער דאָ אין הויז געפינען זיך צוויי גאלדענווייזערס. פערשטאנען?

ד א ק ט א ר. (רוהיג). הא? צוויי גאלדענווייזערס? וואָס מיינסטו דאָס?

פ י י ו ו ע ל. איך מיין, אייער ברודער מארק.

ד א ק ט א ר. זיי ניט קיין נאר, פומפיאן, און רעד ניט קיין נארישקייטען. מען דארף ניט גלויבען יעדע דומהייט, וואָס מען הערט.

פ י י ו ו ע ל. אבער אז מע זעהט?

ד אָ ק ט אָ ר. (כאַפּט זיין ארם). וואס ווילסטו דאָ מיר דער־צעהלען פאר געשיכטעס? דו!

פ י י ו ו ע ל. אז מארק און אייער פרוי... אוי, דאָקטאָר, איהר וועט מיר איבערברעכען די האנד! דאָקטאָר!

ד אָ ק ט אָ ר. די האנד? די האנד וועל איך דיר ניט אי־בערברעכען... ניין! דאס ניט. (רוהיג). אבער איך וויל דאָ אין הויז ניט האָבען קיינע שפּיאָנען, קיינע מוסרים, קיינע אינטרי־גאנטען! איך וויים, דיר געפעלט ניט מאדאם גאָלדענווייזער. נעהם דיינע זאכען און געזונטערהייט! קענסט געהן...

פ י י ו ו ע ל. איך מיין אייער טובה, ווי א גוטער פריינד... נאר אז אייך פאסט בעסער מאכען זיך ניט וויסענדיג, ווי איהר פערשטעהט... איך וויל אליין דאָ ניט בלייבען. האָט מיר א גוטען תמיד. (אב).

(דער דאָקטאָר בלייבט שטעהן פערטראַכט).

ד אָ ק ט אָ ר. מארק? איך הער דאָס ניט צום ערשטען מאָל! אבער האָט מען צוטרויען צו מענשען, דארף מען גלויבען טראָץ אלע פערלוימדונגען און גאסען־שמועסען! וואס? ער־נידריגען זיך? אפשר ווערען א שפּיאָן? נאָכקוקען? צו־הערען זיך ביי דער טיר? בעהאלטען זיך אונטער׳ן פאר־האנג, ארונטער־

קריכען אונטער דער קושעטקע? פוי! אייפערזוכט איז א מיאוסעס, געמיינעס, זעהר נידריגעס געפיהל. פייוועל פומפיאן אין דער ראָלע פון יאגאָ? פע! צו קליין... און איך אן אייפערזיכטיגער זידענ־דער אטהעלא! כע! כע!... ווי געפעלט אייך אזא אטהעלא? (אליע עפענט די טיר).

א ל י ע. פאפאָטשקע, ביסט שוין געקומען?

ד אָ ק ט אָ ר. אָה, אליע! קום אהער, זעץ דיך דאָ (נעהמט זי אויף די קניע). דאסט געוויינט? (קיין ענטפער). האָסט גע־וויינט, ליאליע?

אָ ל י ע. יא, פאפא.

ד אָ ק ט אָ ר. (ווישט איהרע אויגען מיט'ן האנד). נארעלע, אז מען וויינט, פיהרט מען זיך איבער די אויגען. ווארום האָסטו געוויינט? (זי שווייגט). איך פרעג דיך, ווארום האָסטו געוויינט? (גיט זי אָ צופּ ביי'ם האַנד).

אָ ל י ע. אי, פאפא, מיר טוט וועה! זעה, ווי רויט מיין האנד איז געווארען.

ד אָ ק ט אָ ר. (קושט איהר הענטעל). ניין, קינד, דאס האָב איך אונגערן. זיי זאגען, ביסט דאָ געלעגען אויף דר'ערד און גע־וויינט. ווען אזא עהרענסווירדיגע דאמע, ווי דו, ציהט זיך אויס אויפ'ן פאָל און פערגיסט טרערען... כע! כע! איז געווים א גרוי־סער טרויער. וואס איז דאָס, ליאָליעטשקע, הא? דאָס הייסט, אויב דו ווילסט און דארפסט עס מיר זאָגען — זאָג, און אויב ניט — דארף מען ניט. (אומארעמט זי). ליאָליעטשקע, מען זאָל זיך צוהערען צו אלע גיפטיגע רייד, מיט וועלכע אונזערע גוטע פריינד ווילען אונז טובות טון, וואָלט מען געדארפט שטענדיג ליגען אויף דר'ערד און וויינען, קלאגען און יאָמערן.

אָ ל י ע. פאפא, אָנקעל מארק איז זעהר א שלעכטער מענש.

ד אָ ק ט אָ ר. (לאָזט זי אראָפּ פון די קניע). ניין! ניין! ליאָליע, איך וויל גאר נישט הערען פון אָנקעל מארק. זעה נאר, וואס האָב איך עטוואס געדארפט טון און האָב פערגעסען?

אָ ל י ע. פאפא, זיי האָבען דיך ניט ליעב. איך האָב שוין לאנג דאס געוואוסט, און היינט בין איך געלעגען דאָ און האָב גע־וויינט, ווייל איך האָב אלץ געזעהן.

ד אָ ק ט אָ ר. וואס האָסטו געזעהן? (זעצט זיך געגען איהר).

אָ ל י ע. אָנקעל מארק האָט זי גענומען אויף די קניע, ווי א קליין מיידעלע. און איך האָב אזוי געוויינט.

ד אָ ק ט אָ ר. (מאַכט זיך רוהיג). דערפאר האָסטו געוויינט? כא! כא! דו נאר! זיי זיינען ווי א ברודער מיט א שוועסטער... ווי איך מיט דיר... און... יונגע לייט — זיי שטיפען.

אָ ל י ע. יא, איך האָב אויך געמיינט אזוי... אבער פאר וואס דערשרעקען זיי זיך אזוי שטארק, אז מען קלינגט?

ד אָ ק ט אָ ר. פוי!... ליאָליע, עס איז זעהר ניט שען צו טראכטען שלעכטעס פון מענשען און נאָכצוקוקען. (זינגט זיין מע־לאָדיע). טע דע... דע רעם... איך קען זיך ניט דערמאָנען, וואס האָב איך געהאט אין זינען! (זינגט) טע־רע דע רעם. אויף די קניע ווי א קליין מיידעלע... הם... (זוכט).

אָ ל י ע. יא, יא, פאפעלע! אויף די קניע און ער האָט זי געקושט אין די ליפען, אין די באקען, אין די אויגען, א סך, א סך מאָל.

ד אָ ק ט אָ ר. הם! דאָס האָסטו געזעהן? (גיט א קלאפּ און קערט איבער אַ ביינקעל, מאכט באלד, אז דאס איז געווען אונגערן). ווייס איך, דאס איז גאר נישט, נארישקייטען... ליאָליעטשקע, דו געה צו זיך... איך האָב געדארפט עפּיס טון און האָב פארגעסען. מיין קאָפּ ווערט א ביסעל מחולה.

אָ ל י ע. פאפא, פאניע איז איצט אין אָנקעל מארק'ס צי־מער.

ד אָ ק ט אָ ר. הא? אין זיין צימער? נו, איז וואס, קינד? וואס איז דער אונטערשייד, דאָס צימער, יענעם צימער? (זינגט) טע־רע־דע־רעם... וואס האָב איך פאָרט פארגעסען, הא? געה. ליאָליע, און זאָג דער באבוסיע, אויב זי פוילט זיך ניט און אויב

זי וויל מיך זעהן איצט, זאָל זי קומען צו מיר אהער. (לעגט איבער זיינע אינסטרומענטען און פייפט א לידעלע גאַנץ רוהיג. מאַכט זיך, ער זעהט ניט, ווי זי געהט).

אָ ל י ע. (צוקט מיט די אקסלען). דער פאפּאָטשקע פערשטעהט גאר ניט... (אב).

ד אָ ק ט אָ ר. הא! דאס האָט זי געזעהן?... אזעלכע סצענען דארף מיין קינד ביייוואָהנען? כא! כא! כא! איך האָב אלע גערעכענט פאר משוגעים און האָב אליין געשפּיעלט די ראלע פון אן אידיאָט. די קאטאראקטע איז אראָב פון מיינע אויגען, איך זעה יעצט די ווירקליכע, די שרעקליכע ווארהייט. וואס זאָגט זי? זיי זיינען יעצט ביידע דאָרטען. גאַנץ אָפען הייסט עס. נו, יא, וואס דארפען זיי זיך מיט מיר זשענירען? (מאַכט עטליכע טריט צו מארק'ס צימער). אטהעלא, וואָלט יעצט אויפגעבראכען די טיר און געפּאקט די פערברעכער אויפ'ן אָרט, ער וואלט דערוואָרגען דעם ענטעהרער מיט זיינע הענד, וואָלט צוטראָטען די שלאנג מיט זיינע פיס, וואָלט גענומען ראכע און געלאָשען זיין צאָרן מיט בלוט! און וואס וועט טון דער דאָקטאָר, דער אינטעליגענט, דער מענש וואס האָט א ביסעל געדענקט און א ביסעל געלערנט? נו, דאָקטאָר? (גיט זיך פלוצלונג אַ כאַפּ ביי'ם קאָפּ). וועה איז מיר! דער דאָקטאָר איז ערשט געקומען פון א פערפעסטעטען הויז און דער רוח ווייס צוליעב וואס, צוליעב וועלכע געמיינהייטען, האָט ער פארגעסען, אז ער איז דאָקטאָר! (פאנגט זיך אן ראש אויסטאָן). ליאליע! פּומפּיאן! כע! כע! האָב פארגעסען, איך האָב אלעמען און אלץ פערלארען... און צוליעב וועמען? צוליעב וואס? (מאַדאם קומט). מאמא, וואס טוט ליאליע? געה, זעה, וואס טוט דאס קינד!... איך בעט דיך.

מ א ד א ם. גאָט איז מיט דיר, איך האָב זי ערשט געצוואונגען זי זאָל זיך זעצען עסען א קאטלעטקע.

ד אָ ק ט אָ ר. מאמא, איך בעט דיך, געה באלד וואש זי ארום, טו איהר אן אנאנדער קליידעלע. איך בין ערשט געקומען

פון א הויז, וואס איז פערגיפטעט מיט געפלעקטען טיפוס... (מאדאם אב). איבערטון זיך און פריער פון אלץ זעהן דאס קינד... אָה, אטהעלא! אטהעלא! מיט א קאָפּ — אנגעשטאָפּט מיט ביכער־געדאנקען, מיט נערוועןן פון א ציוויליזירטען אינטעליגענט: אטהעלא, מיט א דאָקטאָר'ס דיפּלאָם אין קעשעניע און אָהן א דעזדעמאנע! אָהן א דעזדעמאנע!... (כאַפּט דעם קאסטיום, וואס פּומפּיאן האָט פאָרבערייטעט, לויפט אין דער צווייטער אבטיילונג און פערציהט די פּארטיערען. פּויזע. מארק און פאַניע קומען פון זיין צימער, זי קומט שפּעטער).

מ א ר ק. זי האָט מורא געהאט ארויסגעהן. עס האָט זיך דיר נאר אויסגעוויזען אז דיינער איז אין דער היים... נו, איך לויף שוין אין באנק אריין.

ד אָ ק ט אָ ר. (הינטער די פּאָרטיערען). עס האָט זיך איהר ניט אויסגעוויזען, איך בין אין דער היים. מאדאם, איהר האָט מורא געהאט ארויסגעהן? דאס איז ניט גוט. אז מען האָט ניט מורא אריינגעהן, דארף מען ניט מורא האָבען ארויסגעהן! מארק, דו געה ניט אוועק. איך דארף דיר זאָגען א פּאָר ווערטער.

פ א נ י ע. (שטיל). דו הערסט זיין קול? איך האָב מורא.

מ א ר ק. (מיט אַ גרימאַסע פון פעראַכטונג). עע! (לויט) יעווגעני, וואס טוסטו דאָרט? קליידעסט זיך איבער? בריה מיי־נער, מאך עס גיכער, איך האָב קיין צייט ניט.

ד אָ ק ט אָ ר. (קומט איבערגעקליידעט). דו האָסט קיין צייט ניט? (בעטראַכט זיי ביידע). יא, מיר ווע‍לען דאָס מאכען בקיצור. זיצט, מאדאם!

פ א נ י ע. ניש'קשה, איך קען בעשטעהן...

ד אָ ק ט אָ ר. לאָזט אייך ניט בעטען, מאדאם, זיצט, ווען מען הייסט אייך זיצען! (זעצט זי אנידער. זי זעהר דערשראָקען).

מ א ר ק. יעווגעני, דו ווייסט, מיר האָבען שוין מיט איהר דורכגעלעזען אלע טורגעניעוו'ס ראָמאנען. יעצט וועלען מיר אָנ־פאנגען טאָלסטאָי'ס ווערק.

ד אָ ק ט אָ ר. (סארקאַסטיש). אזוי? טאָלסטאָי׳ם ווערק? זי דארף דיר זעהר דאנקבאר זיין!

פ א נ י ע. דו גלויבסט ניט? איך קען דיר דערצעהלען יעדע זאך פון טורגענעוו׳ס ראָמאנען: „רודין“, „דוואריאנסקאָיע גניעזדא“, „נא קאנוניע“. (די מאַדאַם קומט).

ד אָ ק ט אָ ר. הערר בוכהאלטער, צוליעב וואָס האָסטו געלעזען מיט איהר ראָמאנען, צו פערבעסערען זי אדער צו פערדערבען? הא?! קענסט מיר זאָגען די ווארהייט?! (פאַניע פאַנגט אָן וויינען).

מ א ר ק. מאמא, וואס מיינט ער, דער פילאָזאָף דיינער?

ד אָ ק ט אָ ר. ווילסט זיך אוועקמאכען מיט דיין ציניזמער פרעכהייט. (כאַפּט איהם ביים קאָלנער און גיט איהם אַ וואָרף צו דער ערד). מיט דיין ציניזער פרעכהייט? מיט דיין ציניזער פרעכהייט? (שלעפּט איהם אַהין און צוריק איבער דער ערד).

מ א ד א ם. (דערשראָקען). יעווגעני, וואס ווילסטו טון?

ד אָ ק ט אָ ר. שרעק דיך ניט, מאמא... (לאָזט איהם). וואס טוט דאָס קינד? מאמא, מיר ביידע זיינען געווען בלינד און ליאליע האָט געזעהן. דאָס וואס מיר האָבען געדארפט וויסען, האָט דאָס קינד געוואוסט... (מאַרק ציטערט פון שרעק, זיינע קליידער אין אונארדנונג).

מ א ד א ם. איך האָב שוין געהערט די שענע בשורה... אָי!

ד אָ ק ט אָ ר. מיין פערשטאנד זאָגט מיר, אז אייפערזוכט, ראכע, בלינדער צארן זיינען נידריגע, טיערישע געפיהלען, און דאָך דאָס טרפה בלוט... די נערוועןǃ...

פ א נ י ע. (קוקט פערוואונדערט) אבי ער האָט געזאָגט, דאָס איז ביי זיי גאר ניט.

ד אָ ק ט אָ ר. בוכהאלטער, אהער געה, צו דער מאַמא! (ער געהט צו דער מוטער). וואגסטו מיט דיינע בעסטיאלע אויגען קוקען אויף דיעזע פרוי און זאָגען: דאס איז מיין מוטער?

מ א ר ק. מאמא, לאָז איהם ניט, ער וועט מיך דער׳הרג׳נען...

ד אָ ק ט אָ ר. יא, דיעזע פרוי איז לײדער דײן מוטער, מיר אָבער זײנען קײנע ברידער מעהר, קײן מאָל ניט, אין לעבען ניט!

מ א ר ק. מאמא, לאָז איהם ניט, ער קען מיך יעצט ער־מאָרדען.

ד אָ ק ט אָ ר. זעהסט דעם טאפּפּערען קאוואליער און לאַ־וועלאס? קוק איהם אָן! א, דאָן זשואן! יא, איך קען דיך איצט דער׳הרג׳ענען, צוקוועטשען ווי א מילב און צורײבען אויף אש! פיהלסטו דאָס? אבער אזא עהרע טוט מען ניט אזא קלײנינקען, אונווירדיגען מענשען... ערמאָרדען אײן אינסעקט, א גרויסע בריה׳שקײט! נײן! אזעלכע ווי דו ווײזט מען נאר די טיר און מען זאָגט: (בײז) וואָן! (מארק געהט דערשראָקען. דער דאָקטאָר וויל איהם בײ דער טיר אָ זעץ טון און בעהערשט זיך). וואָן! (מארק אב). איך וועל זעהן, וואס טוט ליאַליע. (לויפט אין ליאָליע׳ס צימער).

מ א ד א ם. פאניע, און דו האָסט גאר געשפּיעלט א ליעבע מיט מארק׳ן, הא? (דאָקטאָר קומט צוריק).

פ א נ י ע. נײן, איך האָב ניט געשפּיעלט קײן ליעבע. גע־ווים, א יונגער מאן, און איך האָב געמײנט ער איז א גאנצער טוער... איך האָב איצט געזעהן, וואס פאר א פּנים ער האָט, — א קאץ געגען א לײב. ער איז געוועזען דאָ אין שטוב דער אײנציגער, מיט וועמען איך האָב געהאט פון וואָס צו רעדען, וואס ער פלעגט מיר דערצעהלען, פלעגט מיר זײן אינטערעסאנט... ער פלעגט מיר זאָגען, ווי איז די מאָדע... וועלכע קלײדער זיך מאכען... אײך איז דאס ניט אינטערעסנע... עס איז אמת, ער האָט מיט א מיאוס׳ען געדאנק ביכער אָנגעפאנגען מיט מיר צו לעזען, — מיט אײך אבער לעזען וואָלט איך מורא געהאט, איהר זײט גאר אנדערע מענשען... אָבער דאָך עס זאל זיך אזוי ענדיגען האָב איך קײן מאָל ניט גע־רעכענט און קײן מאָל ניט געוואלט... איך ווײס אלײן ניט ווי אזוי... ער האָט אין זיך אזא העזה... אזא קראפט. איך האָב עטלי־כע מאָל געזאָגט דעם דאָקטאָר...

ד אָ ק ט אָ ר. דער דאקטאָר האָט צו אייך קיינע טענות, קיינע פּרעטענזיעס, איך וויל ניט קיין ראכע און מאך אייך קיינע פּאָרווירפע, מאדאם, איהר האָט מיט צעהן, עלף מאָנאטען צוריק געבעטען, איך זאָל אייך בעסער לאזען אהיים צוריק. איך בין גע־ ווען נאריש, און האָב געמיינט אז מיט דער צייט... נעהמט אייערע זאכען, אלץ, וואס איהר רעכענט פאר אייערס און געהט אהיים. אייער היים איז דאָ קיין מאָל ניט געווען און קען ניט זיין. געהט צוריק, פון וואנען איהר זייט געקומען !...

פ א נ י ע. געהן צוריק ? (וויינט). פאר א יאָהרען, ווען איהר זאָלט מיך לאָזען, וואָלט איך געגאנגען. דאמאָלס וואָלט איך גע־ קענט ערווארטען אז מען וועט אויף מיר רחמנות האָבען... ווער קען איצט אויף מיר האָבען רחמנות ? ניין, איצט ניט. פאר א יאָהרען וואָלט מיר נאָך ניט געווען שווער צו לעבען, ווי פריהער. איצט בין איך שוין צופיעל געווען א גרויסע דאמע... דערפאר וועט מען מיר נאָך מעהר פערצאפּען מיין בלוט, אלע וועלען נעהמען נקמה און מאכען שפּאָט און חוזק... איך וויים, דאָ קען איך איצט ניט זיין דארטען אָבער ביי מיין מאמע'ן קען איך שוין קיין היים ניט האָבען. דאָקטאָר, וואוהין זאָל איך געהן ? (דאקטאר געהט אום לאַנג. די מאַדאַם קערט זיך אב און ווישט אב אַ טרער).

ד אָ ק ט אָ ר. איך וויים, מיט וואס פאר א שרעקליכען, מיט וואס פאר א שענדליכען וועג אייך איז איצט געבליבען צו געהן. איך וועל אייך ניט שטויסען אויף דעם וועג. ניין, איך ניט ! איהר האָט געטרעמפּעלט מיין עהרע, מיינע געפיהלען, מיינע פּרינ־ ציפּען, טרעמפּעלט נאָך מיין נאמען. יא, איך ערלויב דאָס אייך. פאר דער וועלט קענט איהר בלייבען, זאָ לאנג איהר וועט דארפען, מאדאם גאָלדענוויייזער, פאר אונז אָבער דאָ זייט איהר פון דיזער מינוט א פרעמדע. איהר הערט ? פרעמדע זיינען מיר ! (צייגט אויף דער מוטער). דיזע ריכטיגע מאדאם גאָלדענוויייזער איז די איינ־ ציגע ווירטין דאָ אין הויז ! מיין הויז וועט זיך פיהרען מיט דיזעל־ בע פּרינציפּען ווי פריהער. (בייז). אָהן איהר וואגסטו ניט א בייג־

קעל איבערשטעלען פון איין אָרט אויפ'ן אנדערן! (רוהיג) אהער צו מיר וואגט איהר ניט ארייגגעהן, זא לאנג מען רופט אייך ניט. קיינע קאָנווערזאציאָנען מעהר מיט מיר! אז מען וועט אייך וואס פרעגען, וועט איהר ענטפערן. מיין פרוי זייט איהר ניט מעהר, פאר מיר זייט איהר אבגעשטאָרבען היינט גערארע ווי דער פאציענט מיינער, וואס איז היינט געשטאָרבען פון טיפוס... מאמא, וואס טוט אָליע?

מ א ד א ם. איך וועל באלד זעהן... אוי, וועה איז צו מיינע אלטע יאָהרען. (אב).

ד אָ ק ט אָ ר. ווילט איהר דאָ בלייבען אין שטוב, זעהט מאכט אייך נוצליך, טוט עפּיס, ארבייט! (בייז). איך דארף ניט קיין פּאראזיטען דאָ ביי מיר! צו דער גרעסטער פערדאָרבענהייט פיהרט דאס, וואס אין די וואהלהאבענדע פאמיליען פיהרען די פרויען אם מייסטען א פּאראזיטען־לעבען. זיי זאלען האָבען זאָרג, פליכטען, פעראנטווארטליכקייט, וואָלט זיי ניט געקראָכען אין קאָפּ דער רוח ווייסט וואס! עס איז אבער שפּעט יעצט צו רעדען דער־פון. גערענקט, דיזע קאָנדיציאָנען זיינען גוט נאר אזוי לאנג ווי אייער אויפפיהרונג וועט ניט קענען האָבען קיין שלעכטען איינ־פלוס אויף מיין אונשולדיגעם קינד! (בייז). שענע ביישפּילע האָט איהר דאָ, מאדאם, געקענט... ניין! דערפון איז שוין איבריג צו רעדען. איך וויל נאר זאגען, פארגעסט ניט, דא אין הויז וואקסט און ערציהט זיך א קינד. (ציייגט אויף דער טיר). יעצט וויל איך בלייבען אליין!...

פ א נ י ע. (זעהר נידערגעשלאגען). איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר קענט מאכען, מען זאל פאר אייך מורא האָבען. (קוקט זיך אום, לאנגזאם אב).

ד אָ ק ט אָ ר. (זיפצט שווער, געהט זיך דורך איבער'ן צימער, זעצט זיך צו דער פּיאנא. שפּיעלט גאנץ פּיאנא זיין געליעבטע מעלאָדיע פון מענדעלזאָנ'ס ארא טאריא און זינגט אָהן ווערטער. די מאַדאַם קומט, ווערהרענד ער זינגט און זעצט זיך שטיל אַוועק אויף דער קושעטקע.

דער דאָקטאָר רייסט פלוצלונג אב. קערט זיך אום, בעמערקט די מוטער, געהט צון איהר, לאזט זיך אראָפּ לעבען איהר אויפ'ן פאָל און לעגט אנידער זיין קאָפּ אויף איהרע קניע). מאמא, פאר וואס איז ניטאָ פאר אזעלכע מענשען, ווי איך, כאָטש א קליין שטיקעלע גליק אויף דער גרויסער וועלט? אָליעם מוטער האָט מיר מיין הארץ פערגיפטעט, און די האָט מיר מיין הארץ צוטראָטען מיט די פיס...

מ א ד א ם. אָה, איידלער מענש, מיין זוהן, מיין אונגליקליכעם קינד! (אומארעמט איהם, ביידע וויינען ביטער).

פ אָ ר ה א נ ג.

# פיערטער אקט.

דאסזעלבע צימער. עס איז נאַכט. לאמפּען ברענען. אויף אַלע טי־שען פלעשלעך, סיפאָנען, גלעזער, חיוטין שלאָפט אויף דער קושעטקע, זיצענדיג אין אַלע קליידער. פאַניע קומט פון אן אינערסטע טיר אין זעהר איינפאַכע קליידער אָהן פענסנע — זי געהט שטיל, אויף די שפּיץ פינגער ביז דער טיר פון דער מאדאם׳ס צימער. זי איז זעהר בלאַס און טרויריג. שטעהט ביי דער טיר לאַנג און הערט זיך צו.

פ א נ י ע. (געהט ראש צו חיוטינ׳ן). מוסיו חיוטין, ענט־שולדיגט, מויסיו חיוטין! (זי וועקט איהם).

ח י ו ט י ן. (ערוואכט, דערשראָקען). וואס איז?

פ א נ י ע. איך האָב מורא, דאָרט איז שוין חס וחלילה עפּיס געשעהן. מיר דאכט זיך איך האָב געהערט, דער דאָקטאָר וויינט. (חיוטין לויפט אין צווייטען צימער. זי הערט זיך צו). גאָט אין הי־מעל, פאר וואס זאָל איין אונשולדיגעס קינד בעשטראפט ווערען? (חיוטין צוריק).

ח י ו ט י ן. שש, בערוהיגט אייך. עס האָט זיך אייך אויס־געוויזען... דער דאָקטאָר וויינט ניט און עס איז נאָך דערווייל קיין ענדערונג. אָה, ארעמע ליאליע. (זעצט זיך צוריק אויפ׳ן קו־שעטקע).

פ א נ י ע. מוסיו חיוטין, אפשר וואָלט איהר געגעבען דעם דאָקטאָר כאָטש א גלאָז טיי? ער האָט אויף זיך אין גאנצען פאר־געסען. איך וועל ברענגען באלד, און איהר זאָגט איהם. (אב).

ח י ו ט י ן. איך ווייס ווירקליך ניט, ווי ער האלט זיך נאָך אויף די פיס. זעקס וואָכען — דאס איז קיין קלייניגקייט. עס הייסט נאר ע ר? און זיי אלע דאָ אין שטוב? מען דארף פערטרייבען דעם שלאָף מיט א פאפּיראָס. געדענק שוין ניט, ווען איך האָב גע־

שלאָפען... (פעררוּיכערט). ארעמע ליאָליעטשקע! (דער דאָקטאָר עפענט די טיר, ער איז זעהר פערענדערט).

ד אָ ק ט אָ ר. חיוטין, איהר זייט דאָ?

ח י ו ט י ן. (לויפט צו איהם). וואס איז, וואס האָט איהר געדארפט? (פאַניע קומט מיט א גלאָז טיי, שטעלט אויפ'ן טיש). דאָקטאר, א גלאָז טיי פאר אייך.

ד אָ ק ט אָ ר. (צו פאַניען, קאַלט און העפליך). דאנקע, מאַדאם, איך וויל ניט קיין טיי. חיוטין, מען דארףווארעמע וואסער. זייט אזוי גוט. (מאַכט צו די טיר. חיוטין וויל געהן נאָך וואַסער).

פ א נ י ע. זיצט, איך ברענג באלד. (שטיל אב).

ח י ו ט י ן. גאָט בעוואהר, אויב עס וועט זיך ענדיגען שלעכט, ווייס איך ניט, ווי אזוי ער וועט עס אריבערטראָגען. פאר איהם איז ניטאָ קיין ראטה און קיין טרויסט. (פאַניע קומט מיט א שיסעל וואַסער).

פ א נ י ע. (קלאַפּט שטיל אין טיר). ווארעמע וואסער.

ד אָ ק ט אָ ר. (אין טיר). דאנקע. (נעמט אן זיין פינגער). חיוטין, זייט אזוי גוט, דאס וואסער דארף זיין ווארעמער.

פ א נ י ע. ווארעמער? באלד. (ראַש אב צוריק מיט'ן שיסעל וואַסער).

ד אָ ק ט אָ ר. (זוכט צווישען זיינע פלעשלעך). חיוטין, ווי שפעט איז דאָס?

ח י ו ט י ן. באלד צעהן.

ד א ק ט אָ ר. צעהן? איך האָב געמיינט, עס איז שוין איינס אדער צוויי נאָך האלבע נאכט. איך ערוואַרטע דעם קריזיס פון מינוט אויף מינוט. אי! ווי גליקליך זיינען די, וואס גלויבען, אז די בלינדע נאטור זעהט. — זיי קענען בעטען און האָפען. איך ווייס, דאס בעטען העלפט ניט, אָבער די האָפנונג איז אזוי זיס. אי! בלייבען אָהן האָפנונגען איז זעהר שווער. (זיפצט, פאַניע קומט מיט וואסער). חיוטין, איהר האָט ניט געזעהן, דאָ איז ערגיץ געווען א פלעשעל מיט אראָמאטנעם עסיג?

פ א נ י ע. אראַמאַטנע עסיג? אַט איז דער אראַמאַטנער עסיג. (גיט איהם אַ פלאַש).

ד אָ ק ט אָ ר. דאנקע. (פּרואווט דאָס וואסער). ע! עס דארף זיין נאָך ווארעמער... איהר דארפט אייך ניט בעמיהען, מאדאם, איך וועל אליין. (געהט מיט דער שיסעל אין דער טיר, פון וואנען פאַניע איז געקומען).

פ א נ י ע. (קוקט זיך אום). איך וועל דערווייליע א קוק טון, וואָס דאָס קינד טוט. (עפענט אויף די טיר).

ח י ו ט י ן. (שטיל). אוי, וויפיעל דראמאס און טראגעדיען עס שפּיעלען זיך אָב ארום אונז אין דער שטיל...

פ א נ י ע. וועה איז מיר, וועה איז מיר! ארעמע ליאליע... (פערברעכט די הענד).

ח י ו ט י ן. איך האָב מורא, עס איז געבליבען זעהר ווייניג האָפנונגען.

פ א נ י ע. זאל גאָט היטען. שש! דער דאָקטאָר געהט. (מאַכט צו די טיר, געהט אָן א זייט. דער דאקטאר פאסירט דאָס צימער).

ח י ו ט י ן. (שטיל). פון איהר איז שוין ווייניג געבליבען וואס צו דענקען. איך האָב מורא פאר איהם...

ד אָ ק ט אָ ר. (אין טיר). חיוטין, דערלאנגט מיר די פלאש מיט עסיג.

פ א נ י ע. דעם אראָמאַטנעם עסיג? באלד. (זי דערלאַנגט איהם די פלאש עסיג).

ד אָ ק ט אָ ר. דאנקע. חיוטין, זייט אזוי גוט. (חיוטין געהט צו'ן איהם, ער זאָגט איהם עפּיס און מאַכט צו שטיל די טיר. אב).

ח י ו ט י ן. מאדאם, דער דאָקטאָר זאָגט, איהר זייט געווים מיעד, איהר מעגט געהן שלאָפען. מען וועט אייך מעהר ניט דאר־פען היינט.

פ א נ י ע. ניין, איך בין ניט מיעד. וואָס הייסט, איך וועל געהן שלאָפען, ווען מען ערווארטעט דעם קריזיס פון מינוט אויף מינוט?

ח י ו ט י ן. ווי איהר פערשטעהט. (קוקט אויפ'ן זייגער). יעדע מינוט ציהט זיך ווי א שעה לאנג.

פ א נ י ע. אָי, ווען די אַלטע מאדאם זאל איצט ביינאכט אוועקגעהן אין שול, אויפרייסען דעם ארון קודש און אָנהויבען שרייען און בעטען צו גאָט... איהרע טרערען וואלטען געעפענט די שערי רחמים...

ח י ו ט י ן. די מאדאם וועט עס ניט טון. אויב איהר גלויבט אין אזא מעדיצין, פאר וואס זאָלט איהר דאָס ניט טון ?...

פ א נ י ע. איך ? מיר פּאסט ניט און מיין געבעט וועט ניט העלפען... איך וואָלט נאר געקענט מיט איהר מיטגעהן, שטעהן ביי דער טיר פון פּאַלעש און וויינען. מוסיו חיוטין, איבער מיר שטארבט דאָס קינד... איך ווייס...

ח י ו ט י ן. נארישקייטען, דאס קינד שטארבט פון טיפוס.

פ א נ י ע. ניין ! איך ווייס, דער דאָקטאָר האָט זי אָנגע־שטעקט מיט טיפוס איבער מיר.

ח י ו ט י ן. ווייס איך וואס... אזעלכע זאכען טרעפען זיך אָפט. ווער קען אייך בעשולדיגען ?

פ א נ י ע. איך ווייס, איך ווייס... (זי זעצט זיך שטיל אין אַ ווינקעלע. דאקטאר קומט, גיסט פון פערשידענע מעדיציגען אין זיין פלעשעלע).

ד אָ ק ט אָ ר. איהר זיצט נאָך דאָ, מאדאם ? איך האָב דאָך שוין געזאָגט, עס איז גאנץ איבריג. מען וועט איצט קענען אויס־קומען אָהן אייך... (מאַכט די מיקסטור).

פ א נ י ע. איך בין ניט מיעד.

ד אָ ק ט אָ ר. אייער איבעריגער אייפער קען איצט זעהר ווענינ העלפען.

פ א נ י ע. איך העלף נאָר מיט וואס איך קען.

ד א ק ט אָ ר. זעהר גרויסמוטיג, מאדאם. עס קען אָבער קיין פּראקטישען נוצען ברענגען...

פ א נ י ע. יעדער פּרעמדער פון גאס וואָלט געטון פאר'ן קראנקען קינד, וואס איך טו.

ד אָ ק ט אָ ר. דאנקע, מאדאם, איהר זייט זעהר גוט. אָבער היינט וועט שוין אייער הילפע געווים ניט געפּאָדערט ווערען. איך געפין, אז אייער אנוועזענהייט דאָ איצט איז גאנץ איבריג. מיר וועלען שוין דאָ מיט חיוטין אויסקומען אליין... גוטע נאכט. דאנקע. (ציינט אויף דער טיר, זי געהט געהאָרכזאַם אב). חיוטין, קומט, צוזאמען וועלען מיר אפשר קענען איינרעדען די מאמא זי זאל זיך אויך געהן אברוהען.ביידע פרויען דארפען זיך אביסעל אויסרוהען. און... איך האָב מורא, באלד וועט זיך אָנ־פאנגען די קאטאסטראָפע, נאָך וואס דארף מען די פרויען זאָ־לען זיין דערביי? יא, חיוטין, די קאטאסטראָפע קומט, די שרעק־ליכע קאטאסטראָפע קומט. איהר הערט, ווי עס יאָמערט דער ווינד? (גיט אַ קוק אין פענסטער). דונקעל, פערוואָלקענט... אין דרויסען איז פונקט אזוי ווי אינוועניג. חיוטין, די נאטור איז גרוי־זאם און שלעכט. פאר וואס קען אן איינפאכער סאָלדאט פון אר־טילעריע אויפטוהן מעהר פון טויזענד געלערנטע דאָקטוירים? טויטען אין איין אויגענבליק פיעלע לעבענס, אויפרייסען פעסטונ־גען אדער שיפען מיט טויזענדער מענשען קען די וויסענשאפט זעהר לייכט, און רעטען דאס לעבען פון איין שוואכעס קינד האָט זי ניט קיין בעשטימטע מיטלען... איז עס ניט דערפאר, ווייל די נאטור סימפּאטיזירט מעהר מיט דער וויסענשאפט פון פערניכ־טונג?... קומט, חיוטין, צו אונזער ארעמער אָליע'ן. (ביידע אב. פּוי־זע. מען הערט ווי דער ווינד רוישט. פאַניע קומט צוריק נאָך איהר פּומ־פּיאן אין א פּאלטאָ, מיט א גרויסען שטעקען, טראגט אַ פּעקעל זאַכען).

פ א נ י ע. שש!... אלע געהן איצט ביי אונז דורכ'ן קיך. דאָס גלעקעל איז איבערגעבונדען. דער דאָקטאָר נעהמט ניט אויף קיינע פּאציענטען. באלד. (זי קלאַפּט שטיל אין טיר). מוסיו חיוטין, זאָגט דעם דאָקטאָר, פּומפּיאן איז געקומען. (געהט צוריק). באלד...

עס איז גוט, וואס איהר זייט געקומען. (הערט זיך צו). ער געהט אהער. (ראש אב).

פ י י וו ע ל. אפילו פאניע זרחי'ם איז געוואָרען אזוי שטיל. איין גאט ווייסט, וואס דאָ טוט זיך... מיר ציטערט דאָס הארץ און איך האָב מורא, אז איך וועל איהם דערזעהן, וועל איך זיך צואוויינען ווי א חדר יונגעל. (דער דאקטאר קומט).

ד א ק ט אָ ר. פומפיאן! (דריקט זיין האַנד). ענדליך גע־קומען... מיר האָבען דאָ געדארפט דיין הילפע, איך האָב דיך יעדע מינוט געדארפט האָבען. אונזער אָליע, ברודער, אונזער אָליע... זעהר שלעכט... איך האָב זי אָנגעשטעקט מיט א שווערען טיפוס... זעקס וואָכען קעמפפען מיר, זעהר וועניג שאנסען געבליעבען... איך קוריר זי ניט אליין — איך האָב קיין פערטרויען צו זיך. דאָק־טאָר שעכטער קומט דריי מאָל יעדען טאג... היינט איז געווען א קאָנסיליום פון פיער דאקטוירים... פומפיאן, אויב מיין קינד וועט שטארבען, האָב איך ניט צוליעב וואס און צוליעב וועמען צו לע־בען אויף דער וועלט... דו ביסט ניט געקומען באלד, ווען איך האָב געשריעבען. איך פערשטעה, ביסט געווען בייז אויף מיר. (לאזט זיך אראָב שווער אויף אַ קרעסלא) זעהסט, חיוטין איז אויך בייז געווען, ווי אבער ער האָט ערפאהרען, אז ליאָליע איז קראנק, איז ער באלד געקומען און זיצט דאָ טאג און נאכט. יא, דו האָסט גע־האט א רעכט בייז צו זיין.

פ י י וו ע ל. דאָקטאָר, זאָל איך קרענקען, אויב איך בין געווען בייז. פון שאנדע און וועהטאג האָב איך ניט געקענט בלייבען אין שטאדט, בין איך אוועק צו מיינער א מומע אין דאָרף. איהר ווייסט דאָך א יודישע פּאָטשטע — ערשט היינט ערהאלטען אייער בריעף, און באלד האידא, איך האָב אָבגעמאכאיעט דרייסיג ווערסט צופוס און גלייך אהער. (וויינט). אי, דאָקטאָר, גוטער דאָקטאָר מיינער, דאָס הארץ טריפט מיר מיט בלוט, קוקענדיג אויף אייך. (דריקט דעם דאקטאָר'ס האַנד צו זיין הארצען).

ד אָ ק ט אָ ר. יא, ברודער, איך בין אויסגעשפּיעלט... איך

בין אויסגעשפּיעלט... א מיאוסע וועלט... א וועלט פון אומגליק, צרות און יסורים. פּומפּיאַן, אויב ליאַליע וועט שטאַרבען, איז פיניטא לא קאמעדיא. מיט דיר קען איך רעדען גאַנץ אָפען, איך האָב זיך צוגעגרייט א גוטע דאָזע סטריכנין — און קאַפּוט, ברודער.

פ י י ו ו ע ל. וואס רעדט איהר דאָס? גאָט איז מיט אייך! און אייער אַלטע מוטער? און מיר אַלע?

ד אָ ק ט אָ ר. איך וויים, איהר איז געבליעבען ווייניג שאַנ־סען, און מירביידע ווייסען שוין נייינציג פּראָצענט אויף יענער וועלט... איך! איך האָב זי ערמאָרדעט און איך האָב דאָס רעכט זיך אליין פעראורטיילען צום טויט... טאָמער וואָס, איז ניט איבריג דו זאָלסט וויסען. אין דעם הינטערסטען שופלאָד פון מיין שרייב טיש ליעגט שוין מיין פאַרטיגע צוואה... איך האָב דיך אויך ניט פערגעסען, ברודער, איך לאָז דיר איבער אַלע מיינע נייע דאָקטאָרסקי אינסטרומענטען... (פערטראַכט זיך).

פ י י ו ו ע ל. זאָל איך דאָס בעסער ניט דערלעבען...

ד אָ ק ט אָ ר. קום, פּומפּיאַן, ווילסט זי זעהן?

פ י י ו ו ע ל. דאָקטאָר, זי האָט טיפוס רעקורענס? (דאָק־טאָר הערט ניט, ביידע אב, פּאַניע פיהרט אריין איהר פאָטער און מו־טער).

פ א נ י ע. שש! קלאַפּט ניט מיט די פיס, איך וויים ניט, אויב דעם דאָקטאָר וועט גאָר אין גאַנצען זעהר געפעלען אייער וויזיט.

ז ר ח י. נו, ווי קומט מען עס ניט געוואָר ווערען? וואָס מאַכט דאָס קינד, הא?

פ א נ י ע. ווי איך פערשטעה, איז דאָ ווייניג האָפנונגען.

ז ר ח י. אַזוי? גאָט זאָל זיך מרחם זיין.

ש ר ה ה י נ ד ע. ביילע טשיזיק'ס קען א גוי'ע, וועלכע היילט אויס אַזעלכע קראַנקהייטען מיט א גראָז. נאָר די געביל־

דעטע... זיי גלויבען דאָך ניט. (פּומפּיאַן קומט אַהן אַ סורטוק מיט פּערקאַטשעטע ארבעל, נאָך איהם דער דאָקטאָר).

ד אָ ק ט אָ ר. אָה, איהר זייט געקומען זעהן, וואס ליאליע מאכט? איהר פערגעסט ניט מיין ליאָליע, הא? זעהר פיין פון אייך, דאנקע. (צו פּאַניען). מאדאם, איהר וועט זיין אזוי גוט און וויזען פּומפּיאנען, וואו איז וועש, מילך, אייז, די אלע זאכען, וואס מען דארף. ער וועט איבערנעהמען די גאנצע ארבייט פון אייך... בין אייך זעהר דאנקבאר, וואס איהר האָט אייך אזוי פיעל בעמיהט... איצט וועט איהר מעהר ניט דארפען בעמיהען זיך. יא, עס קען זיין, אונז אלע איז שוין געבליעבען ניט פיעל צו בעמיהען זיך.

פ י י ו ו ע ל. דאקטאָר, אפשר וויל ניט די מאדאם? מען דארף פריהער פרעגען.

ד אָ ק ט אָ ר. וועלכע מאדאם מיינסטו?

פ י י ו ו ע ל. פערשטעהט זיך, איך מיין די יונגע מאדאם.

ד אָ ק ט אָ ר. די יונגע מאדאם דארף מען ניט בעאונרו־היגען מיט קיינע פראגען... נאר צו דער אלטער מאדאם זיך ווענ־דען! (מיט אַ שמייכעלע). מיר, אלטע, דארפען זאָרגען פאר יעדע זאך. די יונגע דארף מען ניט דולען דעם קאָפּ מיט קלייניגקייטען. ניט וואהר, מוסיו זרחי? אלזאָ, מאדאם, איהר וועט זיין אזוי גוט און איהר וועט אייך בעמיהען צו טון, וואס איך האָב אייך גע־זאָגט. (אב, צוריק).

פ א נ י ע. קומט, פּומפּיאן. (וויל געהן).

פ י י ו ו ע ל. זיצט, איך וועל אליין אלץ געפינען. איך בין דאָ ניט קיין פרעמדער. (אב אין קיך אריין).

ז ר ח י. וועה איז מיר, עס האלט אפּנים זעהר שלעכט... דער דאָקטאָר איז זעהר צוטראָגען...

ש ר ה ה י נ ד ע. (קוקט אויף פּאַניען פערדעכטיג). זעה נאר, ווי דיינער רעדט צו דיר, אזוי ווי צו'ן א פרעמדער.

פ א נ י ע. צו א פרעמדער גאר? ביי גראָבע מענשען האָט

מען דרך ארץ נאר פאר פרעמדע. מאן און ווייב, אָבער מיינען זיי, מעגען קריכען איינער דעם אנדערן אויפ'ן קאָפּ. אוי, טאטעניו, דאס קינד איז זעהר שטארק קראנק. (זרחי עפענט די טיר אין קיך אריין און הוסט).

ש ר ה  ה י נ ד ע. בעטראַכט נאר, וואס פון איהר איז געווארען. בהמה, וואס נעהמסט זיך אזוי צום הארצען, עס איז דען דיין קינד? געוויס, עס פערדריסט, אָבער אוועקלעגען זיך איז דאָך ניט כדאי.

פ א נ י ע. איך זאָל האָבען קינדער, וואָלט איך אלע מיינע קינדער אבגעבען פאר איהר. גאָט זאָל וועלען נעמען מיין לעבען פאר איהר, וואָלט איך זיך אפילו באלד געביטען.

ש ר ה  ה י נ ד ע. א נויטיגע זאך, איך זאָג דיר! (פּומפיאן קומט צוריק מיט וועש און א ריינע שוואם).

פ י י ו ו ע ל. פּייוועל פּומפּיאן דאַרף ניט לאנג זוכען. פערשטאנען? (אב, צו דער קראַנקער).

פ א נ י ע. טאטע, איך האָב דיך וואס געוואָלט פרעגען, נאר... ע...

ז ר ח י. וואס־זשע, עס איז עפּיס א שווערע זאך, א קלאָץ־קשיה?

פ א נ י ע. איך האָב געוואָלט וויסען, זאָג מיר... דו גלויבסט, עס איז טאקי אן אמת, איך האָב געהערט, מען דערצעהלט, ווען... ע... עס טרעפט זיך עפּיס ביי יודען א חטא, שטארבען קינדער? דו גלויבסט עס? פאר וואס זיינען די קינדער, נעבאך, שולדיג?

ז ר ח י. וואס פאלט דיר עפּיס פּלוצלונג איין אזא פראגע? דו האָסט עפּיס א חשד אויף אימיצען ביי אונז אין שטאדט? (פאַניע פערטראַכט זיך און הערט ניט מעהר).

ש ר ה  ה י נ ד ע. (אפּארט). דו הערסט א חכם? ער ווייסט ניט פון זיין געזונד.

ז ר ח י. דאס איז יא, ווי מען דערצעהלט די געשיכטע...

ש ר ה  ה י נ ד ע. אי, פער'שרפ'עט זאל ער ווערען! גע־פונען א פלאץ פאר זיין געשיכטע.

ז ר ח י. עס קען זיין, עס פאסט איצט ניט, אבער פאניע, איך מוז עס דיר דערצעהלען, זעהר א וואוילע זאך. צוויי ווייבלעך האבען זיך געאמפערט. איינע זאגט: ווען אין שטאדט איז א חטא, געהען קינדער. די אנדערע זאגט: עס הויבט זיך גאר ניט אן, ווארום איך וויים דאך... — ווי אזוי ווייסטו? — ווי אזוי איך וויים? איך בין שוין צעהן יאהר אן אשת איש... — זאגט די אנדערע: עט! וואס פאר אן אשת איש ביסטו? דיין מאן איז דאך א שניידער. כי! כי! אויך מיר אן אשת איש! (וויל לאכען, פערשטיקט זיך און לויפט ארויס אין קיך, הוסטענדיג).

ש ר ה  ה י נ ד ע. (קוקט זיך אום). פאניע, דו ווייסט, איך האב זיך איבער דיר היינטיגע וואך שיער ניט צופאטשט אין מארק מיטביילע טשיזיק'ס. זי זאגט מיר, אז דעם דאקטאר'ס ברודער יאקאבי...

פ א נ י ע. איך וויל ניט וויסען, וואס ביילע טשיזיק'ס זאגט. מיך ארט זעהר ווענינ, וואס זיי זאגען!

ש ר ה  ה י נ ד ע. וואס מיינסטו, עס איז א סוד? מען קען די קאץ אין זאק ניט בעהאלטען. אז דו האסט מיר ניט דער־צעהלט, מיינסטו, וויים איך ניט יעדעם פיצעלע?

פ א נ י ע. מאמא, מיך ארט ניט, אז דו ווייסט, מיך ארט ניט אז אפילו די גאנצע וועלט ווייסט. (פערברעכט די הענד און געהט אום איבער'ן צימער). מיר איז איצט אלץ איינס! מיר איז איצט אלץ איינס. (פומפיאן קומט).

פ י י ו ו ע ל. האט קיין פעראיבעל ניט, איהר וועט מוזען מוחל זיין פון דאנען. מיר טראגען אהער אריין דאס קינד. מעהר לופט, א בעסערע טעמפעראטורע. אהן פומפיאן ווייסט מען עפּיס? (צורוקט דאס מעבעל).

פ א נ י ע. קום, מאמא, אהין צו מיר. וואו איז דער טאטע?

ש ר ה  ה י נ ד ע. ער קען זיך ניט אויספּערכען. אי, טאָכ־טער, מיר ביידע האָבען געהאַנדעלט שענע מציאות.

פ א נ י ע. מאמע, דו ווייסט ניט, וואס דו רעדסט! ווייסט ניט, וואס דו רעדסט. (דער דאקטאר מיט חיוטינ׳ן ברענגען אַליין אויף א בעטעל, בעדעקט מיט ווייסען, נאך זיי קומט די מאַדאַם. פאַניע קוקט זיך אום זיפצט און אב מיט דער מוטער).

ד א ק ט אָ ר. שש! אָט אזוי. פּומפּיאַן איז גערעכט. דאָ וועט זיין בעסער. אי, איך האָב נאר מורא, ער איז געקומען מיט זיין עצה צו שפּעט. (זעצט זיך אויף א קרעסלע לעבען בעטעל. דאס קינד ווארפט זיך און קרעכצט שווער. דער דאקטאר דעקט זי צו). פּומ־פּיאַן, ביסט געווים הונגעריג. איך בעט דיך, גיה עס עפּיס. נעהם חיוטינ׳ן מיט. קינדער, קרעפטיגט זיך אונטער א ביסעל, מיר וועלען היינט האָבען א שרעקליכע נאכט. (אַליין קרעכצעט).

ח י ו ט י ן. קומט, פּומפּיאַן, איך וועל טרינקען א גלאָז טיי. איהר דארפט אייך איצט געגען מיר ניט גרויס האַלטען. איך בין שוין פון אייערע... א גאנצער מעדיקוס.

פ י י ו ו ע ל. איך האָב היינט כאור בוקר ביי דער מומע געגעסען א קניש מיט קארטאָפּליע און האָב נאָך טאקי אין מיין מויל ניט געהאט. (ביידע געהען).

ח י ו ט י ן. (ביי דער טיר). קנישום קארטאפעניום? (אב).

ד אָ ק ט אָ ר. מאַמעניו, דו זאָלסט מיך וועלען פאָלגען, וואָלסטו זיך געגאַנגען א ביסעל צולייגען. איין גאָט ווייסט, ווי־פיעל דיר שטעהט נאך פאר היינט איבערצומראָגען.

מ א ד א ם. ניין, יעווגעני, שלאָפען וויל איך ניט און קען ניט. איך מיין, אויב דו וועסט זיצען דאָ א ביסעל, וועל איך אויך געהן טרינקען א גלאָז טיי. (קוקט אויפ׳ן קינד). איך דארף זיין גע־זונד, און א קינד, וואָס פאנגט ערשט אן לעבען אויף דער וועלט... אוי, גיה פרעג קשיות. (געהט אב אין דערזעלבער טיר ווי אַלע).

ד אָ ק ט אָ ר. ליאַליעטשקע, איצט, ווען איך פערליער דיך, בעגרייף איך ערשט, ווי אונדאנקבאר, ווי לייכטזיניג איך בין גע־

ווען, ווען איך האָב אויסער דיך געזוכט נאָך גליק. איך האָב גע־
האַט דיך, געהאַט נוצליכע אַרבייט, געהאַט אַ צוועק אין לעבען
און בין ניט געווען צופריעדען... דו האָסט פּראָטעסטירט, און איך
האָב דיך ניט געפאָלגט... איך האָב טייער דערפאַר בעצאַהלט. אָה,
ווען דו זאָלסט יעצט בלייבען מיט מיר! דו הערסט ניט און פער־
שטעהסט ניט, וואָס דיין פּאַפּאַ זאָגט דיר... אָליע, מיט וועמען
וועט דיין פּאַפּאָטשקע בלייבען? מיט וועמען לאָזטו מיך איבער
דאָ אויף דער וועלט? (בויגט זיך צו צום בעטעל. פּויזע). אָה, קינד,
איך זאָל דיך קענען רעטען! איך קען אבער ניט. דעם מענשען'ס
זשעני, די גרויסע וויסענשאַפט, אַלע מעכטע פון'ם מענשען'ס פער־
שטאַנד און לאָגיק זיינען ניט אימשטאַנד צו קעמפּפען געגען דער
בלינדער נאַטור. פאַר וואָס זאָל אַ בליהענדע, יונגעס, אונשולדיגעס
קינד שטאַרבען? פרעגט די מאַמאַ. טויזענדער יאָהרען פרעגען
מענשען די פראַגע און קיין ענטפער איז ניטאָ. וואו איז די גע־
רעכטיגקייט? די ברוטאַלע נאַטור ווייסט ניט פון דעם בעגריף,
וועלכען מיר רופען מיט דעם נאָמען. (שפּאַרט אָן זיין קאָפּ צום בע־
טעל). איך זאָל זיין אַן אונוויסענדער מענש, וואָלט איך איצט גע־
לאָפען צו דאָקטוירים, געקלאַפּט אין זייערע טירען, געזוכט אַ בע־
ריהמטען פּראָפעסאָר... איך וואָלט געגלויבט, אַז זיי זאָלען זיך נאָר
וועלען אַ כּח אָנטון, אַז איך זאָל זיי נאָר קענען גוט בעצאַהלען,
וואָלטען זיי מיר געוויס געראַטעוועט דאָס קינד, לײדער, איך ווייס,
ווי בעגרענעצט איז די מאַכט פון דער מעדיצין. מיר קענען נאָר
מיטהעלפען דער נאַטור, מיר קענען אין דעם מענשען'ס אָרגאַ־
ניזם פערשטאַרקען אדער אבשוואַכען אייניגע פון איהרע פּראָצע־
סען, — אבשטעלען אבער דעם טויט קענען מיר ניט, מיר קענען
ניט, מיר קענען ניט! אוי! (ער זיפצט שווער. פּויזע. דער דאָקטאָר
שלאָפט איין, אָנגעשפּאַרט אויפ'ן בעטעל. פּ אַ נ י ע עפענט שטיל די
טיר און שטעהט עטליכע מינוט אונבעשלאָסען. נאַכדעם מאַכט זי צו די
טיר און געהט לאַנגזאַם און גאַנץ שטיל צום בעטעל, קוקט אויף אָליען,
פערברעכענדיג די הענד, און בלייבט שטעהן. נאַכדעם הויבט זי אויף

איהרע אויגען אויפ׳ן דאָקטאָר. אין דעם אויגענבליק קומט אריין שטיל די מאַדאַם, זי בלייבט שטעהן, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. פאַניע קוקט לאַנג אויפ׳ן דאקטאר מיט ליעבע און בעדויערן, דאן בויגט זי זיך צו און קושט לאַנג דאָס האָלץ פונ׳ם בענקעל, אויף וועלכען ער זיצט. זי קערט זיך אב און וויינט שטיל. ווען זי ווישט אוים איהרע טרערען און געהט צו דער טיר, בעמערקט זי די מ אַ ד אַ ם און בלייבט איבער־ראַשט. אונערוואַרטעט גיט זי די אַלטע אַ ציה צו זיך, מאַכט אַ צייכען זי זאָל שווייגען, אומארעמט זי, און ביידע פרויען וויינען ביידע גאַנץ שטיל איינע ביי דער אַנדערער אין די ארעמס. פאַניע בעפרייט זיך ענדליך און געהט ראש אב. די מאַדאַם בלייבט שטעהן און ווישט איהרע טרערען).

אַ ל י ע. (שרייט פלוצלונג אוים). פּאפּא ! אָה, פּאפּא ! (ווערט אנשוויגען. מען הערט נים מעהר קיינע קרעכצען פון איהר).

ד אָ ק ט אָ ר. (ערוואַכט). הא ? מיר דאכט זיך, זי האָט מיך גערופען, דו האָסט געהערט, מאמא ? ליאַליעטשקע ! שש ! זי שלאָפט... דער פולס רוהיגער... הא ? מאמעניו מיר ווייזט זיך אוים, זי שוויצט. איך גלויב זיך אליין נים. מע דארף שיקען נאָך דאָקטאָר שעכטער. (אין טיר). טם ! פּומפּיאן. אהער, גיכער ! (פּומפּיאַן לויפט אריין, נאָך איהם חיוטין. שפּעטער זרחי, שרה הינדע. פאַניע בלייבט שטעהן אויפ׳ן שוועל).

פ י י וו ע ל. (דערשראָקען). וואס איז ? שוין, מארטא ?

ד אָ ק ט אָ ר. דער קריזים ! גיב א קוק, איך בעט דיך. אפשר נאר איך זיך אב... מיר דאכט זיך, זי איז רוהיגער, זי אטעמט רוהי־גער... פּמופּיאן, מיר ווייזט זיך אוים, זי שוויצט...

פ י י וו ע ל. יא, זאל איך אזוי אויסהאלטען מיין פעלד־שערסקי עקזאמען. וואס ? איהר צווייפעלט ? אפילו אזא פראָסטער מענש, ווי מוסיו חיוטין, וועט אויך זאָגען... זאל איך אזוי לעבען. (רופט מיט׳ן האַנד חיוטין).

ח י ו ט י ן. קאלעגא פּומפּיאן, איך פיהל עס... טייערע אָליעטשקע, זי שלאָפט... אזוי לאנג נים געשלאָפען...

ד אָ ק ט אָ ר. (אונטערזוכט דאס קינד נאָך אַ מאָל). פּומפּיאַן אַי! מיר דאכט זיך, איך האָב ניט קיין טעות. (דריקט זיין האַנד). מאמא, מיר דאכט זיך, עס האָט געגומען א גוטע ווענדונג. (אומ־אַרעמט זי) האָפנונג! גוטער חיותין, פריינד, מיר דאכט, עס איז דאָ א האָפנונג צו לעבען... מיר וועלען ניט פערליערען אונזער ליאָליען! מיר וועלען ניט פערליערען אונזער ליאָליען! (אומאדעמט איהם, לויפט ווידער צום קינד). הא? קיין צווייפעל מעהר. אי, ר' זרחי, עס קען נאָך זיין, אז כאָטש איין מאָל אין מיין לעבען, וועל איך אויך זיין א גליקליכער.

ז ר ח י. געלויבט איז גאָט... ברוך רופא חולים... איהר ווייסט ניט מיט וואס פאר א שווער הארץ איך בין געגאנגען אהער און מיט וואס פאר א שמחה איך געה אהיים. קום, שרה הינדע.

ש ר ה ה י נ ד ע. יא, קום. מיר האָבען געלאָזט ביי נאכט די שטוב אויף הפקר. איך האָב דען געקענט איינזיצען? איך וויים ניט, ווי אזוי איך וואָלט דאס אויסגעהאלטען. נו, דאנקען גאָט, קום.

פ א נ י ע. (אין טיר) טאטע, האר אויס איין מינוט אויף מיר.. איין מינוט. (מאַכט צו די טיר. אב).

ד אָ ק ט אָ ר. (לעבען אָליען). יא, דער פולס האָט גאר אנאנ־דער ריטם. א טיפער, רוהיגער שלאָף. זי אטעמט אנדערש. הא? יא, זי שוויצט... פּומפּיאַן, ווי מיינסטו, מען דארף שיקען נאָך דאָקטאר שעכטער, אדער אזעלכע צוויי גרויסע דאקטוירים ווי דו און איך, איז גענוג? און חיותין, מיינסטו, איז פון אזעלכע, וואס מען קויפט צוויי פאר א גראָשען? מיר האָבען דאך דאָ א גאנצען איינגענעם קאָנסיליום. קאלעגיום סאניטאטים, בענע? עס איז גוט, הא? מאמטשיק, דו זאָלסט מיך וועלען פאָלגען, וואָלסטו איצט גע־גאנגען שלאָפען. צייט דיינע אלטע ביינדלעך זאָלען זיך אויסרוהען.

מ א ד א ם. יעווגעני, מיר וועלען זיך איצט שוין אלע אויס־שלאָפען. מיר וועלען אזוי כראָפּען, אז אלע צרות וועלען זיך פון

דאנען צולויפען פאר שרעק. (גיט א קוק אויף שרה הינדע און זאגט עפּיס שטיל דעם דאקטאר).

ש ר ה  ה י נ ד ע. זי זאָגט, אלע צרות װעלען זיך פון דא־נען צולויפען, און קוקט אויף מיר.

ז ר ח י. (שטיל). שרה הינדע, וואס האָט עפּיס פאניע געהייסען ווארטען?

ש ר ה  ה י נ ד ע. איך ווייס? זי האָט דאָ אפּנים אין שטוב ווי א שווארץ יאָהר. מען ווייסט גאר ניט, אז זי איז דא. אויך מיר א דאָקטאָרשע! האָט קיין שכל ניט געהאט, פער׳שרפ׳עט זאָל זי ווערען!

ז ר ח י. שוטה, ווענען ליעגט איצט אין זין? עס וועט ווע־רען פריילעכער אויפ׳ן הארצען, וועט דער דאָקטאר זיך דערמאָנען אויף דער דאָקטארשע. אָט איז זי! וואוהין איז דאָס? (פאניע קומט מיט א קליין פּעקעלע זאכען. א טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, אַ מענטעלע אויף די שולטערן).

ש ר ה  ה י נ ד ע. וואוהין קלייבסטו זיך אזוי שפּעט, פער׳־חושכ׳טע דאָקטאָרשע מיינע?

פ א נ י ע. טאטע, איך וויל געהן מיט דיר אהיים. איך געה אוועק פון דאנען.

ש ר ה  ה י נ ד ע. וואָס? וואוהין א היים?! (אלע ער־שטוינט, נאר דער דאָקטאָר בלייבט רוהיג).

פ א נ י ע. מאמא, וועסט טענה׳ן מיט מיר אין דער היים. ועסט האָבען געננוג צייט. (מיט אַ ביטערען שמייכעל). דו דארפסט וויסען, טאטע, איך בין שוין לאנג ניט קיין היגע. איך... איך בין שוין לאנג ניט דעם דאָקטאר׳ס פרוי מעהר. מיר זיינען פרעמדע, און איך וויל דאָס מעהר ניט פערלייקענען...

ז ר ח י. וואָס איז דאָס? מיין מוח קען דאָס ניט בעגרייפען. דאָקטאר, וואָס רעדט זי דאָס?

ד א ק ט א ר. מיין פריינד, זי דערצעהלט אייך די ריכטיגע ווארהייט, אזוי איז דאָס. (צו פאניען). ווי איך געדענק, מאדאם,

האָט אייך זעהר געשראָקען דאָס אוועקגעהן פון דאנען. איהר האָט מורא געהאט, דאָס וועט אייך שטויסען אויפ׳ן וועג פון אומגליק. איך האָב קיין ר'עכט און האָב קיין פערלאנג אייך דאָ צו פער־האלטען. איהר זייט פריי און קענט געהן, ווען איהר ווילט און וואוהין איהר ווילט. אָבער צ ו ו י נ ג ע ן אייך געהן פון דאנען דארף קיינער ניט. די קאָנדיציאָנען האָבען זיך ניט געביטען. קיין מענש, ווער עס זאָל ניט זיין, וועט פון מיין הויז ניט ארויס־געשטויסען ווערען אויף דער גאַס.

פ א נ י ע. דאָקטאר, קיינער צווינגט מ י ך נ י ט און קיינער טרייבט מ י ך נ י ט, חלילה. איך געה אליין.

ש ר ה ה י נ ד ע. הערסט א חכמה! אז מען טרייבט דיך ניט, נאָך וואָס זאָלסטו געהן?

פ א נ י ע. יא, דאמאלס האָט עס מיך געשראָקען, איך האָב אום יעדען פרייז געוואָלט בלייבען א מאדאם, עסען זיס און שלאָפען ווייך. איך האָב געמיינט, דאָס גאנצע גליק איז נאָר אויסצואוויזען, ווי א מאדאם. איצט פערשטעה איך א ביסעל אנדערס. איך וואָלט נאָך מיט צוויי וואָכען צוריק פערלאָזען דאָס הויז, נאָר ליאָלע'ס צושטאנד האָט מיר ניט ערלויבט. איצט, ווען זי איז, גאט צו דאנקען, בעסער, מעג איך געהן. מיך שרעקט מעהר ניט, וואָס דער טאטע, די גאנצע וועלט וועט וויסען. פערקערט, איך מיין, וואס מעהר איך וועל ליידען, וועל איך בע־סער פיהלען. וועניגסטענס וועל איך וויסען, אז מיט מיינע צרות צאָהל איך אוים מיין שווערען חוב...

ד א ק ט א ר. מאדאם, וועגען אלטע חובות דארפט איהר אייך וועניג קימערן. זאָרגט פאר דער צוקונפט...

פ א נ י ע. איך זאָרג מיך זעהר וועניג וועגען מיין צוקונפט. וואָס עס וועט זיין — וועט זיין. איך וויים ניט, אויב דאָס אינ־טערעסירט אייך, נאָר א י ך פערזיכער אייך, איך וועל אין דער שטעלע אין האָספיטאל. איך האָב מיך די לעצטע צייט צוגעקוקט

צו׳ן אזא ארבייט, און עס געפעלט מיר. אויב ניט, וועל איך דיענען... אָדער...

ש ר ה  ה י נ ד ע. קוק זי נאר אן! אדער זי איז געקראָכען ביז די וואָלקענס, אָדער זי קריכט אין דר׳ערד. וואס הייסט דיענען? וואָס מיינסטו, מיר וועלען שווייגען? וואו בין איך עפּעס, הא?

פ א נ י ע. מאמא, וועסט טענה׳ן מיט מיר אין דערהיים, וויפיעל דו וועסט וועלען. איך בין שולדיג אליין און צו מיר אליין דארפסטו טענה׳ען, נאָר צו מיר!

ד א ק ט א ר. ר׳ זרחי, אויב איהר וועט האָבען אירגענד וועלכע פּרעטענזיעס צו מיר, קומט צוגעהן און מיר וועלען אלץ בעשפּרעכען. איך האָף, מיר וועלען אונז צושיידען, ווי אנשטענדיגע מענשען. מאדאם, אלע אייערע קליידער, אייערע זאכען, ציהרונג געהערט אייך און איהר קענט עס נעמען מיט זיך.

פ א נ י ע. ניין, איך וויל עס ניט און דארף עס ניט.

ש ר ה  ה י נ ד ע. וואָס הייסט, דו דארפסט ניט? אוי, א בראנד זאָל איהר אין די ביינער אריין!...

ז ר ח י. ווי באלד מיינע זעהט, אז אוים מחותנים, וועט זי שוין עפּענען איהר מויל כדת משה וישראל...

פ א נ י ע. איך האָב עס ניט פערדיענט צו האָבען, און אויסער דעם, איך ווייס ניט פאר וואָס, מיר איז דאָס אלץ נמאס געוואָרען... מאמא, אין דערהיים וועסטו מיט מיר לערנען בלק. (שטיל). אויב דו וועסט וועלען, וועסטו מיך מעגען אפילו שלאָגען, וויפיעל דיין הארץ וועט געלוסטען, מיך הארט ניט. מיך הארט קיין זאך ניט... קומט, נו׳מיר געהן, האָט א גוטע נאכט אלע... גוטע מאדאם, האָט א גוטע נאכט, איך בין ניט ווערט געוועזן צו האָבען אזא מאמא.

ז ר ח י. רבונו דעלמא כולא, וואס טוט זיך דאָ? זאָל איך שטארבען, אויב איך פערשטעה א וואָרט עברי... דאכט זיך, מען רעדט ניט טערקיש, און איך פערשטעה ניט.

פ א נ י ע. טאטע, דיר וועל איך אלץ דערצעהלען, דעם גאנצען אמת... דאקטאר, אויב איהר וועט ערלויבען וועל איך נאך איין מאל א קוק טון אויף אליען און אבגעזעגנען זיך מיט איהר. עס איז וואהר, איך בין איהר קיין מוטער ניט געוועז — ווי קום איך מיט מיין שכל זיין א מוטער צו'ן אזא קינד? — אבער קיין שטיפמוטער בין איך איהר אויך ניט געוועזן. (טרערען ציטערן אין איהר שטימע).

ד א ק ט א ר. מאדאם, דאס קינד איז שוואך, דאס קינד שלאפט... דאך אויב איהר ווילט זי זעהן, האב איך געוויס ניט דאגעגען... אייערע ביידענס וועגען צוגעהען זיך יעצט און עס קאן זיין, איהר וועט זי ניט גיך נאך א מאל בעגעגנען.

פ א נ י ע. (געהט צום בעטעל). זיי געזונד, אליעטשקע. אז דו וועסט, אי"ה, אין גיכען אויפשטעהן, וועסטו שוין ניט הערען קיין מיאוסע רייד און ניט זעהן קיין שלעכטע מענשען — איך געה אוועק. (בייגט זיך צו, קושט זי פארזיכטיג און ווישט אב א טרער). נו, טאטע, קום. האט א גוטע נאכט. איך וויים, וויפיעל צרות איך האב אייך געבראכט אין שטוב אריין. הלואי וואלט איך אלעם געקענט נעהמען מיט זיך צוריק. עס איז אבער פערפאלען. האט א גוטע נאכט. (זי, זרחי און שרה הינדע געהן).

ד א ק ט א ר. גוטע נאכט. ווינש אייך אין דער צוקונפט מעהר ערפאלג. מיך פרייט זעהר, וואס מיר שיידען זיך שטיל, אהן סקאנדאלען און קריעג. מעהר אדער וועניגער, ווי אנשטענ־דיגע מענשען. איך גיעב אייך מיין האנד, מאדאם, אלס א בעוויין, דאס אויב מיר קענען זיך ניט שיידען ווי גוטע פריינד, שיידען מיר זיך דאך ניט ווי פיינדע. (שטרעקט אויס זיין האנד).

פ א נ י ע. אייער האנד? (טראכט). ניין! ניין! איך האב נאר א טראכט געטון, אז איך וועל זיך צוריהרען צו'ן אייער האנד, האט מיר אנגעהויבען ווארפען הענד און פיס. ניין! אייער האנד ניט. נאר אויב איהר וועט מיר ערלויבען... (וויינט שטארק). אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך פאלען צו'ן אייערע

פים. (פאלט צו דער ערד). וועל קושען די ערד לעבען אייערע טריט. וועל אָבוואשען מיט מיינע טרערען... מיט מיינע טרערען... (קען ניט רעדען פון געוויין).

מ א ד א ם. יעווגעני, ווי ערלויבסטו אזא ערנידרונג פון א מענשען? (וויינט).

ד א ק ט א ר. (רוהיג). מאמא, איך זאָל זיין א ליבעראל אָדער א פילאנטראפ, וואָלט איך זיך געמאכט, אז איך בין אויסער זיך, וואָס א פרוי ליעגט אויף דר'ערד און וויינט... איך רעכען פערקערט, איך האָב קיין רעכט די ערנידרונג ניט צו ערלויבען, ווארום די ערנידרונג ערהויבט, און די ביטערע טרערען מאכען גרינגער די לאסט, וואָס דריקט דאָס הארץ... אט דעם טרויסט און די ערלייכטערונג וויל איך ביי איהר ניט רויבען... יא, אומ־גליקליכעם ווערזען, ווייז אוים מיט דיינע טרערען אַלץ, וואָס עס דריקט דיך צו דער ערד, און שטעה אויף א פרייע, און אויסערלעזטע פרוי. (פאניע און אלע פרויען וויינען).

פ א נ י ע. (שטעהט אויף). דאנקע, איהר האָט רעכט... מיר איז א ביסעל געוואָרען גרינגער אויפ'ן הארצען. איצט האָט א גוטע נאכט.

ד א ק ט א ר. האָט א גוטע נאכט. איך ווינש אייך ניט קיין שלעכטעס.

ז ר ח י. האָט א גוטע נאכט... איך פערשטעה כלל וכלל גארנישט. אָבער איך בין זיכער, אז אזא איידלער מענש, ווי איהר... האָט א גוטע נאכט.

ש ר ה ה י נ ד ע. נו, האָסט זיך שוין דא געקניעט און געבוקט צו'ן אלע אריסטאָקראטען? וועסט זיך שוין ביי מיר קניען און בוקען אין דער היים, הער אוים! (זיי געהן אַלע).

פ א נ י ע. יא, מאמא, וועסט טון מיט מיר אין דערהיים, וואָס דו ווילסט. מיר איז אַלץ איינס. א גוטע נאכט. (עפענט די טיר).

ד א ק ט א ר. נאָך איין וואָרט... מאדאם, איהר זאָגט, איהר

ווילסט איצט נעהן פיהרען איין עהרליך לעבען? אהער געהט נעהענטער! וואס שטעהט איהר ביי דער טיר? איך מוז אייך זאגען די ווארהייט, איך האב די גאנצע צייט אן אויג פון אייך ניט אראפגעלאזט. איך וויים, אלץ, וואס איהר זאגט איצט, איז קיין בלויזע פראזען. איהר האט דאס דורכגעפיהלט און דורכגעליטען. יא, איך גלויב, איהר ווילסט איצט פיהרען אן עהרליך לעבען, און אויב אזוי, פאניע, פאר וואס זאלט איהר ניט בלייבען דא ביי אונז, מיט אונז? (פאניע וויינט). פאניע, וויינט ניט... איך וויים, איהר האט די לעצטע צייט אין דער שטיל געגוג געוויינט. מיינט ניט, איך האב ניט געזעהן אייערע פערבארגענע טרערען און האב ניט געהערט אייערע פערשטיקטע זיפצען. (נעהמט איהר האנד). פאניע, איך וויים, דו האסט די לעצטע צייט מיך א ביסעלע ליעב געקריגען און איך, נאך וואס זאל איך לייקענען? איך האב דיך קיין מאל ניט פיינט געהאט... קום אהער צו מיר, אומגליקליכעם קינד. און זאל אלץ פארגעסען ווערען. (דריקט איהר האנד).

פ א נ י ע. דאקטאר, די גאנצע וועלט וויסט, איך בין אייך געוועזן אונטריי. ווי וועט איהר עס קענען פערגעסען?

ד א ק ט א ר. פערגעסען? איך וויל ניט זאגען קיין ליגען. עס קען זיין, איך וועל ניט קענען. עס קען זיין, עס איז אונמעגליך דאס צו פערגעסען. אבער איך בין זיכער, איך וועל שטענדיג זיין מענש גענוג צו געדענקען, דאס עס גיבט קיין שטערבליכער אויף דער וועלט, וועלכער האט ניט געזינדיגט. איך וועל שטענדיג זיין מענש גענוג, איך זאל מיט קיין ווארט, מיט קיין וואונק, מיט קיין מינע דערמאנען דאס פערגאנגענע און אויפדעקען די אלטע וואונדען. פאניע, וואס די גאנצע וועלט וויסט, הארט מיך ווענינ. אויב זיי וועלען דיר ניט פערגעבען, פערגיעב איך דיר. דאס שרעקליכסטע איז ניט דאס, וואס דו האסט געלעבט מיט אנאנדערען. דאס שרעקליכסטע איז דאס, וואס דו האסט געלעבט מיט מיר, ווען דו האסט מיך ניט געליעבט.

פ א נ י ע. ווי אזוי האָב איך דיך געקענט ליעבען, אז איך האָב דיך ניט געקענט פערשטעהן? אז איך האָב ניט בעגריפען, ווי שטארק, ווי גרויס, ווי מעכטיג דו ביסט? מיר, פּראָסטע מענשען, מיינען, אז שטארק איז דאָס, וואָס שרייט, דונערט, ברעכט, רייסט... און די אמת׳ע קראפט, די וואהרע, די גרויסע מאכט איז אזוי שטיל, פערבאָרגען...

ז ר ח י. ווען גאָט איז ערשיענען צו אליהו הנביא, איז ניט אינ׳ם ווינד וואָס ברעכט שטיינער, איז ער געוועזן, ניט אין שטורם, ניט אין פייער, נאָר אין דער צארטער שטילקייט — קול דממה דקה, דאָס איז די אמת׳ע קראפט.

פ א נ י ע. צו שעצען די אמת׳ע, די וואהרע מאכט, דאָס קומט אונז אָן מיט צרות. אָבער ווען מיר הויבען שוין יא אָן צו פערשטעהן... אה, ווען מיר הויבען שוין אָן צו פערשטעהן!...

ח י ו ט י ן. אָט דאָס איז דאָך דאָס אומגליק מיט דעם מענשען פון פאָלק. ווי ער הויבט אָן אביסעל פערשטעהן — הויבט ער אָן פערגעטערן. פערגעטערן דארף מען קיינעם ניט! קיינעם ניט!...

ד א ק ט א ר. ער וויל זיך מיט מיר קריגען, ווייל ער פערגינט מיר ניט די פערגעטערונג.

ח י ו ט י ן. מיט איהם קריגען! אויף מיין וואָרט, ער ווייסט אליין, ווי גרויס ער איז... דאָס איז די אמת׳ע גרויסקייט: זי ווייסט ניט, אז זי איז גרויס... זי בעזיעגט אָבער אלץ און בעהערשט יעדען. (אומארעמט איהם). מאדאם גאלדענווייזער, איך האָף, איך וועל יעצט פערדיענען אייער פריינד צו זיין. (קושט פאַניע׳ס האַנד מיט גרויסער אַכטונג).

מ א ד א ם. קום אהער צו מיר, פאניע, קום צו מיר, ארעמעס קינד. האָסט זיך, נעבאך, גענוג אָנגעליטען. (פאניע זעצט זיך נעבען איהר). טאָכטער מיינע, די וואהרע פרייד קומט נאָר דורך גרויסע שמערצען... (אומארמט זי). קום אהער, יעווגעני. איך ווייס, איהר האָט פיעל פון וואָס צו רעדען. (ווען דער דאָקטאר געהט צו,

שטעהט פאניע אויף. ווען ער זעצט זיך, זעצט זי זיך לעבען זיינע פיס אויף דר'ערד. זיי רעדען שטיל און רוהיג. אלע מיט'ן רוקען צום קראנקען קינד'ס בעטעל. פומפיאן געהט צו צום בעטעל, אונטערזוכט די קראַנקע. קיינער בעמערקט איהם ניט).

ח י ו ט י ן. (צו זרחי'ן און שרה הינדען). נו, איצט קענט איהר זיצען א ביסעל. מאדאם שרה הינדע, איהר האָט ערשט פערלוירען א גוטען פּאַדריאַד. איהר האָט שוין געמיינט, איהר וועט האָבען וועמען צו שעלטען און פלוכען יאָהרען לאנג, צום סוף — בלא! פאניע איז יעצט אונזערע אויף צו'ן אמת.

ז ר ח י. דאָס דערמאָנט מיר א וואוילע זאך. איהר האָט דאָך מסתמא געהערט די געשיכטע פון צוויי ווייבער, וואָס האָבען זיך געקריגט אום פעלד מעסטען, איהר ווייסט, וואָס פעלד איז אין יודיש?... א יודיש פעלד איז דער בית עולם... הערט־זשע... (זיי זעצען זיך אלע דריי, זרחי דערצעהלט שטיל).

פ א נ י ע. איך גלויב זיך אליין ניט. איז דאָס מעגליך? מיר זיינען קיין פרעמדע מעהר? פערגעבען? אלץ פערגעבען? גאטעניו פאטער, איך פערדיען דאָס ניט...

ד א ק ט א ר. קינד, ווען מיר זיינען געווען אייגענע, זיינען מיר געווען פרעמד, און ווען מיר זיינען געווען פרעמדע, זיינען מיר געוואָרען אייגענע... יא, פאניע, פערגעבען אויף אימער און אייביג. ווארום פערשטעהן הייסט: פערגעבען... (ער לעגט זיין האַנד אויף איהר קאָפּ.ביידע גרופּען רעדען גאַנץ שטיל און רוהיג).

פ י י ו ו ע ל. (בלייבט אייניגע אויגענבליקען ווי פערשטיי־נערט, גאַנץ שטיל). די לעבעדיגע דענקען פון לעבען... אוי, עס איז גוט, וואָס ער איז איצט ניט אליין... דאָך זיין גרינגער אריבער־צוטראָגען. און דאָס... קינד... איז טויט... ארעמע ליאָליע! (פאַלט צו צום בעטעל און וויינט שטיל. אלע רוהיג און גליקליך ווי פריהער).

פ אָ ר ה א נ ג.

# קאטאלאג
## פון די
# אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

פרייז

פיליפ קראנץ, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, געבונדען,
יעדער באַנד ...................... .75
" " פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, געבונדען .... 1.00
" " אַמעריקאַ פאר קאָלומבוס, געבונדען ...... .50
" " יציאת מצרים, פאַפּיער ............. .15
" " וואָס הייסט נאַציאָן ............... .10

לעבענס-בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער.
אַ זאַמלונג פון ביאָגראַפיעס פון די גרעסטע דענקער,
פּאָעטען און שריפטשטעלער פון דער אַלטער און נייער
צייט, אין 3 בענדער, געבונדען, יעדער ........ 1.25

מאָרים ראָזענפעלד, שריפטען, 1טער סעט, באַנד 1, געבונדען 1.00
" " " " " " 2 " 1.00
" " " " " " 3 " 1.00
" " נייע שריפטען 2טער סעט, באַנד 4, געבונדען 1.25
" " " " " " " 5 " 1.25
" " " " " " " 6 " 1.25

פרייז

ד. פינסקי, ערצעהלונגען, 2 בענדער, געבונדען, יעדער באנד 75.

״ אייזיק שעפטעל, דראמא ................ 15.

דר. קאספע, מעכאניקע ....................... 10.

״ ״ כעמיע ......................... 15.

״ ״ אסטראנאמיע ................... 15.

יהואש, געזאמעלטע ליעדער, געבונדען .............. 1.00

י. גארדין, ערצעהלונגען, געבונדען ................ 75.

״ ״ סאפפהא ......................... 25.

״ ״ גאט, מענש און טייפעל ................ 25.

״ ״ אלישע בן אבויה ................... 15.

״ ״ דער אונבעקאנטער ................... 20.

״ ״ די אמת׳ע קראפט ................... 20.

מאקסים גארקי, ערצעהלונגען .................. 15.

״ ״ אינטערוויום ................ 15.

ליעוו טאלסטאי, איינציגער מיטעל ................ 5.

״ ״ פאטריאטיזמוס און רעגירונג ........ 5.

״ ״ צום ארבייטער פאלק .............. 15.

דר. ח. זשיטלאווסקי, דער סאציאליזם און די נאציאנאלע

פראגע ............................. 40.

ז. ליבין, געקליבענע סקיצען, געבונדען .............. 75.

מ. באראנאוו, דער מענש און די נאטור ............ 10.

לעאפ. קאמפף, פאר׳ן שטורם, דראמא .......... 20.

הענריק איבסען, די גייסטער ״ ............ 20.

„קניאז פאטיאמקין“ ........................ 20.

דר. ש. פעסקין, סטרייקס...................... 5.

פרייז

דזשאהן סטוארט מילל, פרייהייט, איבערזעצט אויס דעם ענגלישען אָריגינאַל מיט אַ ביאָגראַפיע פון פּערפאַ־ סער, פון דר. י. א. מעריסאָן, מיט אַן הקדמה פון דר. ח. זשיטלאָווסקי, געבונדען .............. 75.

דר. פּאול עלטצבאכער, דער אַנאַרכיזם, איבערזעצט פון דר. י. א. מעריסאָן, געבונדען ................. 1.00

מיכל קאפלאן, גהעטא־קלאַנגען ..................... 25.



## פאלגענדע ווערק ווערען פערפערטיגט צום דרוק:

א פאָלשטענדיגע אויסגאַבע פון י. ל. פרץ'ס שריפטען
דר. ח. זשיטלאָווסקי'ס שריפטען
ליעסינ'ס געזאַמעלטע ליעדער
יודישע פאָלקס-ליעדער געזאַמעלט פון י. ל. כהן
דער מטורף, דראמא אין 4 אַקטען, פון יעקב גאָרדין
ל. טאָלסטאָי'ס די שקלאַפעריי פון אונזער צייט
" " דער סוף פון דער היינטיגער וועלט
" " די אויפשטעלונג פון גיהנם
" " וועגען דער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד
" " תחית המתים
היינעס געדיכטע, איבערזעצט פון ד. פינסקי
געקליעבענע ערצעהלונגען פון גיואי דע מאפאסאן, איבערזעצט פון י. ענטין

אדרעסירען:

The International Library Pub. Co.
102 & 104 W. 38th ST.
NEW YORK.